א. בעזימענסקי

# דאָוויד דראַגונסקי

## צוויי מאָל העלד פון סאָוועטן־פאַרבאַנד

אָגיז
מעלוכע - פאַרלאַג „דער עמעס“
מאָסקווע 1947

I

שווער איז אָנגעקומען דאָס שטיקל ברויט דעם אַלטן אווראָם דראגונסקי. ער איז געווען קאַל־יאָמאָוו א שניידער, איינגעטונקט אין שער־ און אייזן־ייכעס, עפּשער ביזן צענטן דאָר אַרײַן. די שניידער דראגונסקים האָבן געהאט א שעם ניט בלויז בא זיך אין שטעטעלע סוויאטסק, נאָר אָפ גאנץ נאָוואָזיבקאָווער אויעזד.

ארום האָט געלעבט א קאַפּצן אָפּ א קאַפּצן — הײַנט וואָס איז דאָ געווען צו טראכטן וועגן גוטער פּאַרנאָסע. און האגאם אין פאַרגלײַך מיט זײַנע טאטנס האָט ער זיך גאנץ פֿײַן „ארופּגעארבעט״, ס׳הייסט, ער האָט שוין געהאט זײַן אייגנס א ניי־מאשין, האָט ער זיך דאָך ארויסגעשלאָגן פון די קויכעס צוליבן שטיקל ברויט. ווען בא זיך אין סוויאטסק איז שוין ניט אויסגעבליבן קיין איין שטוב, ווו דער אַלטער אווראָם זאָל ניט האָבן אַלץ ביז א ברעקל איבערגעניצעוועט און פּאַרלאַטעט, האָט ער ארופגעוואָרפן זײַן מאשין אָפ א צופּעליק פּורל און זיך אוועקגעלאָזט אין די שכיינעסדיקע ישוווים אָפ א וואָך — צוויי אָדער אפילע אָפ א גאנצן כוידעש.

ביטער איז אָבער אויך געווען, ווען דאָס שטיקל ברויט איז שוין געלעגן אָפן טיש. כוץ אים אַליין, דעם ראָש פון דער פאַמיליע, זײַנען ארום טיש געזעסן דאָס ווײַב, פיר זין, צוויי טעכטער, דער זיידע, די

באָבע, א שוועגערן... אזא מישפּאָכע, קיין אײַנהאָרע — הײַנט גיי זײַ א בעריע און צעטייל דאָס אָרעמע ביסל עסן אַלעמען, אז קיינער זאָל ניט בלײַבן אויסגעשטעלט. דעם אַלטן אוורהאָמ האָט דאָס איטלעכס מאָל געקאָסט א סאך געזונט, און ער פּלעגט אופשטיין פון טיש א צעבראָכענער.

אוורהאָמס עלטערע צוויי זין האָבן פאַרענדיקט עטלעכע קלאַסן פון דער דאָרפס־שול און האָבן זיך געקליבן ווערן שנײַדערס, די עלטערע טאָכטער האָט זיך געלערנט אויסנייען. פון דויר־דוירעס האָבן די דראגונסקיס געטרוימט, אז עמעצער פון דער מישפּאָכע זאָל ווערן א דאָקטער, אַן אדוואָקאַט, זאָל זײַן כאָטש א פּראָוויזאָר. און בלויז אין די ערשטע יאָרן סאָוועטנמאַכט, ווען דער אַלטער אוורהאָם האָט אויסגעריכט אין שול אַרײַן זײַן מיזיניק דאָווידן, האָט ער דערפילט: אָט אפ אים קאָן טאַקע בעעמעס מעקוייעם ווערן דער ביטאָכן.

דער צעניאָריקער דאָוויד האָט זיך ניט זייער שטאַרק געװאָלט צו באַרעכטיקן די האָפענונג פון זײַנע עלטערן. עמעס, ער האָט זיך געלערנט גאַנץ גוט, אָבער אין שפּילן, שטיפן, שלאָגן זיך האָט ער אַרויסגעוויזן א סאך מער כיישעק און דערפאָלג. מע קאָן ניט זאָגן, אז ער איז געווען א שלעכטער שילער, אָבער א שטיפער איז ער געווען גאָר א מײַדים. אָפּטאָן עפּעס אָ שפּיצל איז ער געווען דער ערשטער. ער איז געווען דער אָנערקענטער רעדלפירער פון די סוויאַטסקער קונדייסים.

כעוורע יונגלעך האָבן אים פאַר זײַן היציקן כאַראַקטער און פאַר די קוטשעראַווע שוואַרצע האָר א נאָמען געגעבן „פּושקין‟. דאָוויד האָט מיט אַלע קויכעס זיך געסטאַרעט אונטערצוהאַלטן זײַן אוטאָריטעט פון דעם בעסטן שפּילער, אין וואָס פאַר א שפּיל דאָס זאָל ניט זײַן. ער האָט טאַקע געוואָלט פאַרדינען דעם שעם פון א גוטן כאַווער און פון א שרעקלאָזן ריזיקאַנט. און ער האָט דאָס געטאָן מיט דערפאָלג. עמעס, קיין סאך פרײַע צײַט האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט: ביז וואָרמעס האָט ער זיך געלערנט אין דער נײַניאָריקער שול—און נאָך וואָרמעס—

אין כיידער. מיטן כיידער איז בא דאָווידן גאָר ניט געווען קעשורע. אָבער די מאַמע איז שטאַרק באַשטאַנען אַף אירס. זי האָט געהאָפט, אַז אויב דאָוויד וועט אפילע ניט ווערן קיין ראָוו, טאָ זאָל ער כאָטש קענען זאָגן קאַדעש.

דער אַלטער אווראָם האָט ניט איין מאָל געלאָזט אין גאַנג דאָס „אויסגעפּרוווטע'' דערציִונגס־מיטל — זיין רימען. און דאָך איז ער געווען צופרידן מיטן זון, איינזעענדיק, אַז דאָוויד איז ניט קיין פּויליאַק, האָט א גוט האַרץ, איז גלייך טויפּעס א זאַך, איז שטענדיק פריילעך, און כאָטש ער איז א שטיפער, וועט ער אָבער שטענדיק אַרויסהעלפן א כאַווער אין א נויט.

דער אַלטער אווראָם האָט אָנגעהויבן א סאַך זאַכן גאַנץ אַנדעריש פאַרשטיין בא דער סאָוועטנמאַכט. זיין נעשאָמע איז עפּעס ווי יינגער געוואָרן, דער רוקן האָט זיך אויסגעגלייכט. פאַר זיינע קינדער האָט זיך אופגעעפנט א ברייטער וועג. עס איז גרינגער געוואָרן צו לעבן, עס איז געוואָרן פרייער צו אָטעמען. דער מאָרגעדיקער טאָג איז געווען א געזיכערטער. די צוקונפט האָט אָפּט געמאָלט אַזעלכע בילדער, פון וועלכע עס האָט זיך אים פאַרדרייט דער קאָפּ. וואַקס, זונעלע, צו געזונט, צו לאַנגע יאָר! ביסט א יינגל א בראַנד, אָבער א האַרץ האָסטו א שטאָלצס, א ריינס, אַן אָרנטלעכס. אפילע יענע „געשיכטע'' איז אויך אַן איידעס דערפון.

און די „געשיכטע'' איז אַזא: מע האָט דאָווידן שיר ניט אויסגעשלאָסן פון דער שול.

באַנק נעבן באַנק מיט דאָווידן זיינען געזעסן אין שול די סעלעזניאָווס, א ברודער מיט א שוועסטער, קינדער פון א רייכן סוויאַטסקער סויכער. געלערנט האָבן זיי זיך שלעכט, און כוץ דעם, האָבן זיי געהאַלטן, אַז אויב דער טאַטע האָט א דיקן טייסטער, איז נישט קיין כיִעווו צו לערנען זיך. זיי האָבן געקוקט פון אויבן אַראָפּ אַף אַלע איבעריקע קינדער און האָבן מעשוגענערווייז מעקאַנע געווען דאָווידן. זיי האָבן

בעשום־אויפן ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס איז דאָוויד א רעדלפי־
רער בא אלע קינדער, דאפקע דער, וואָס כאפּט איבער ביים דער האפּסאַ־
קע א שטיקל טרוקן ברויט, און ניט גראָד זיי, די סעליעזניאָווס, וואָס
פרעסן פּיראָזשנעס און בוטערבראָדן. אָבער ניט געקוקט אף דער קינע,
האָבן זיי דאָך געמוזט צו אים אָנקומען איטלעכס מאָל, ווען מע האָט גע־
דארפט לייזן אן אריפמעטישע אופגאבע, בעטן אים, ער זאָל אונטער־
זאָגן אפּן לימעד, ער זאָל העלפן געפינען א שטאָט אף דער קארטע.
דאָוויד האָט זיי שטענדיק ארויסגעהאָלפן, אזוי ווי אלע אנדערע
קינדער.

איינמאָל האָט אָבער זינע סעליעזניאָווע ניט אויסגעהאלטן דעם
אָנגעזאָטענעם קאס און האָט אָנגערופן דאָווידן „זשיד״. דאָס יינגל
איז געוואָרן טויט־בלאס, ער האָט אופגעהויבן דעם פויסט, נאָר ער
האָט אים באלד אראָפּגעלאָזט צוריק.

— קיין מיידלעך שלאָגט מען ניט, — האָט ער לאנגזאם א מורמל
געטאָן, ציטערנדיק פאר כאס. נאָר דערביי האָט ער געכאפּט א טינטער
און האָט מיטאמאָל געמאכט פון דער בלאָנדער זינע א פּעך־שווארצע
ברונעטן.

ווען מע האָט דעם אלטן אווראָם ארויסגערופן אין שול, האָט ער
געהאט א לאנגן שמועס מיטן לערער, און זיי האָבן זיך איינס דאָס
אנדערע פארשטאנען. דער לערער האָט איינגעפונען, אז דאָווידס
האנדלונג שמעקט מיט כוליגאנערײַ, ער איז אָבער מאסקים געווען, אז
פריער פון אלץ דארף מען באשולדיקן אין כוליגאנערײַ סעליעזניאָווען.
און כאָטש דער קליינער דראגונסקי האָט אוודע ניט פארדינט קיין
גלעט איבערן קעפּל פאר דער זאך, איז אויב מע זאָל אָבער רעכט פאר־
שטיין א קינדערשע נעשאָמע, קאָן מען אין דעם איינזען אן אינס־
טינקטיוון ענטפער פון א ריין, ערנטלעך קינד אף א העסלעכער באַ־
ליידיקונג.

ווען דער אלטער אווראָם האָט זיך צוריקגעקערט אהיים, האָט ער

זייער שטאַרק אָפּגעזידלט דעם זון, אָבער דעם רימען אין האַנט האָט ער ניט גענומען...

אַלע קינדער אין קלאַס האָבן דערקלערט די סעלעזניאָוום א באָקאָט, און אַראָפּגענומען האָבן זיי דעם באָיקאָט ערשט דאַן, ווען זיינע האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר דאָווידן אין דער אָנוועזנהייט פון גאַנצן קאָלעקטיוו.

נאָך דעם דאָזיקן פאַל האָט דער שול־לערער ניקאָלײַ אַלעקסאַנדראָוויטש זשדאַנאָוו גענומען צוקוקן זיך צום יונגן דראַגונסקי. אַן ערלעכער פּעדאַגאָג, האָט ער זיך איינגיכן איבערצײַגט, אַז דעם יינגלס שטיפערײַען זײַנען ניט קיין בייזוויליקע. אָבער די פייִקייטן זײַנע זײַנען ניט קיין געוויינלעכע. און ער האָט באַשלאָסן העלפן אים. דעם לערערס דערקלערונגען אַפּן פּעדאַגאָגישן ראַט זײַנען געוואָרן באַזונדערס איבערצײַגעוודיק נאָך דעם, ווי ער האָט דעמאָנסטרירט דאָווידס קלאַסן־אַרבעט אַפּ דער טעמע פון א. נעווערעאָווס בוך „טאַשקענט די ברויט־שטאָט“. גראַמאַטישע פעלערן זײַנען נאָך בא אים דעמלט געווען, אָבער סטיליסטיש איז די דאָזיקע אַרבעט געווען שיין, פּריש, אינטערעסאַנט, פילצוזאָגנדיק.

די לערער פון דער שול זײַנען אָבער דערשטוינט געוואָרן ניט ווייניקער, ווי זייערע שילער, ווען זשדאַנאָוו האָט מיטאַמאָל פאָרגעלייגט דאָוויד דראַגונסקיס קאַנדידאַטור אַלס פאָרזיצער פון שילער־קאָמיטעט. וואָס? אָט דאָס דאָזיקע קוועקזילבער, דער שטיפער, אָט דער קונדעס? צי דען פּאַסט ער דערצו? ניט שוין זשע וועט ער עפּעס טאָן? עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אַלע האָבן ליב געהאַט דעם דאָזיקן קונדעס און האָבן פאַרשטאַנען זײַן באַגאַבטקייט. זשדאַנאָווס דערקלערונגען האָבן געהאַט א ווירקונג, און דער פאָרשלאָג איז דורכגעגאַנגען.

דער קלוגער, דערפאַרענער לערער האָט קיין טעות ניט געהאַט. דערפילט אַפּ זײַנע יונגע אַקסל די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער

שול־דיסציפלין, האָט זיך דאָוויד אויך דאָ ארויסגעוויזן פֿאַרן ערשטן. ער האָט איבערהויפּט נישט געקאָנט טאָן א זאך מיט א קאלטן לונג־און־לעבער. ער האָט מיט זיין גאנצן ברען גענומען אויספילן זיינע נייע פליכטן, און דערביי האָט ער פארדינט אלגעמיינע אכטונג און ליבע פון די באוויירים.

אין 1927 יאָר איז דער בעסטער שילער און פּאָרזיצער פונעם שילער־קאָמיטעט איינמוטיק אָנגענומען געוואָרן אין די רייען פונעם לענינישן קאָמיוג.

די שול איז פארענדיקט, מע דארף אויסקלייבן דעם ווייטערדיקן וועג אין לעבן. באַם טיש, נאָך וועטשערע, האָבן די דראַגונסקיס אָפּ־געהאלטן א „זיצונג" ביז שפּעט אין דער נאכט און באהאנדלט די פראגע וועגן דאָווידלס צוקונפט. די זיצונג, דארף מען זאָגן, איז געווען א היפּש טומלדיקע. דאָווידס ברידער און שוועסטער זיינען באַשטאַנען דערויף, אז ער זאָל שטודירן אַף דאָקטער. דער אלטער אווראָם האָט ארויסגעזאָגט א געדאנק, אז דער זון זאָל ווערן דאפּקע א געלערנ־טער. און די ווילע מאמע האָט אויסגעדריקט דעם ווונטש צו זען אים פאר א בוכהאלטער. זעט נאָר, האָט זי געטענעט, מיט וואָס פאר א קאָוועד מע באַגעגנט דאָס אַף דער גאַס אונדזער בוכהאלטער פּאָמאַ סידאָראָוויטש דאָלענקין! ער גייט אין א הוט און טראָגט א שטעקל מיט א זילבערנעם קעפּל, און אלע נעמען פאר אים אראָפּ דאָס היטל.

צו קיין אלגעמיינעם באשלוס איז מען ניט געקומען.

דער אלטער אווראָם האָט זיך געווענדט נאָך הילף צום לערער זשדאנאָוו, און יענער האָט איינגעאָרדנט דאָווידן אין נאָוואָזיבקאָווער קאָאָפּעראַציע־טעכניקום. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט דאָוויד אָנגעטאָן הויזן פון עמעסער מאנופאקטור, און ניט פון קיין געפארב־טער לייוונט. צום ערשטן מאָל האָט דאָוויד פארלאָזט דאָס שטעטעלע בוויאטסק, ווו ער איז געבוירן און געוואקסן.

דאָס לעבנ אינ נאָוואָזיבקאָוו איז אימ צו יענער צײַט אָנגעקומענ ניט גרינג, כאָטש די עלטערנ פלעגנ אימ צושיקנ יעדע וואָכ א לאבנ ברויט אונ דרײַ רובל מעזומענ. דאָוויד האָט ווי אנדערע סטודענטנ, געלאָדנ האָלצ, געטראָגנ זעק, געטאָנ יעטווידע ארבעט, וואָס עס האָט זיכ נאָר געמאכט. אָבער דאָס האָט ניט אויסגעמאכט. ערגער פאר אלצ איז געווענ, וואָס די לער האָט זיכ עפּעס ניט געקלעפּט. ס'איז ניט אינ דאָווידס נאטור געווענ צונױפשטעלנ באלאַנסנ. דאָס הארצ האָט געצויגנ צו עפּעס אנדעריש...

דער באשלוס איז רײַפ געוואָרנ מיטאמאָל. דאָוויד האָט צוגעצײלט דאָס ביסל אָפּגעשפּאָרטע מינצ אונ האָט זיכ איבערצײַגט, אז ער פאר־מאָגט גאנצע אכצנ רובל. א בילעט ביז מאָסקווע האָט געקאָסט 17. אָבער קײנ אײנער פונ די יונגע סטודענטלעכ, וואָס האָבנ געלעבט צוזאמענ מיט אימ אינ צימער, האָט ניט געהאלטנ, אז מע מוז פאָרנ דאפקע מיט א פּאסאזשיר־צוג.

דער גאסטפרײַנטלעכער טאמבור פונ א לאסט־וואגאָנ האָט גע־בראכט דעמ יונגנ דראגונסקי צו פירנ קײנ מאָסקווע אומזיסט.

## 2

ווען איר וועט דורכגײנ אינ מאָסקווע דורכ דער גאס, וואָס טראָגט שמידטס נאָמענ, אונ וועט דערזענ דאָס הויז נומער 3, זאָלט איר וויסנ זײַנ: אינעמ בויענ דאָס דאָזיקע הויז האָט א כײלעק געהאט דאָוויד דראגונסקי, וועלכער איז געוואָרנ אנ ערדגרעבער אינ „מאָכ־וועבוי".

פאר ארבעט האָט ער ניט מוירע געהאט, האגאמ ער איז געווענ א גאנצ דאר ייִנגל. כאָווײרימ האָט ער שטענדיק געהאט איבערגעגעבע־נע, צערטלעכע. די קאָמיוג־אָרגאניזאציע האָט אימ ארויסגעהאָלפנ אינ דער ארבעט, די געזעלשאפטלעכע ארבעט האָט אימ דערפרישט דאָס הארצ. דערבײַ האָט ער קײנמאָל ניט פארגעסנ וועגנ זעלבסט־

בילדונג. דער יונגער ערדגרעבער פלעגט יעדנ טאָג אָפּזיצנ צו עטלעכע שאָ אינ לייענזאל פונ דער ביבליאָטעק אפ גאָגאָלס נאָמענ בא קראַסנאָפּרעסניער טויערנ.

אינגיכנ איז דאָוויד געוואָרנ א קאלכ־קנעטער, נאָכדעמ א ציגל־טרעגער.

די ראַציאָנעל אָרגאניזירטע ארבעט האָט אימ פעסטער געמאַכט פיזיש, האָט אָנגעגאָסנ זײַנע מוסקולנ מיט שטאָל.

אינ עטלעכע כאָדאָשימ ארומ האָט דאָוויד איבערגעשיקט דער מוטער א היפּשע סומע געלט, האָט זיכ געקויפט אנ אָנצוג, א „באָבריקאָוונ" מאנטל אונ איז געוואָרנ א גאנצ פײַנער קאוואלער. דאָוויד האָט שטאָלצירט דערמיט, וואָס ער בויט א הויז פאר די ארבעטער פונ דער בארימטער טריאָכגאָרנער מאנופאקטור. ער האָט געפילט, אז מע האָט צו אימ דערפאר אכטונג, האגאמ די גאנצע מעלאָכע זײַנע איז באשטאנענ אינ טראָגנ ציגל אפ דער בויונג. ניט וועלנדיק אָפּעסנ דאָס הארצ דער מאמענ מיט אזא מינ פּראָפעסיע, האָט ער איר אָנגעשריבנ, אז ער איז אנ עלעקטראָ־מאָנטיאָר.

פונקט אזוי ווי עס איז פאָרגעקומענ אינ די קינדער־שפּילנ אונ אינ ישול־לעבנ, האָט זיכ עפּעס אליינ פונ זיכ באקומענ, אז ער איז געוואָרנ דאָס הארצ אונ די נעשאָמע פונ זײַנ ארבעטס־באצירק. ער איז געוואָרנ דער אָרגאניזאטאָר פונ דער ארבעט אונ אָפּרו בא זײַנע באווייריִמ, ער איז געוואָרנ דער טרעגער פונ פריילעכקײַט אונ מונטערקײַט. דער טרעסט „מאָסקוועבוי" האָט איכי אוועקגעשטעלט אינ דער שפּיצ פונ א יוגנט־בריגאדע אונ האָט קיינ טאָעס ניט געהאט. אינגעכ געוועט פונ די יוגנט־בריגאדעס האָט דראגונסקיס בריגאדע געוויזנ דעמ העכסטנ קלאס פונ ארבעט. ס'איז אָנגענעמ געוועג צו זעג ווי די רומישע, ווײַסרוסישע, מאָרדאָווישע אונ טאָטערישע יאטנ האָבנ ליב אוו אכטנ זייער בריגאדיר, זיי האָבנ איינער דעמ אנדערנ ארויסגעהאָלפנ צוזאמענ געארבעט, צוזאמענ גערוט אונ צוזאמענ זיכ פארווײַלט. זיי האָבו

רעגולער באזוכט דעמ יוגנט־קלוב פונ דער רויטער פּרעסניע. אז זיי פלעגנ זיכ צונויפקומענ אינ די אָוונטנ בא זיכ אינ צוזאמענוווינונג, פלעגנ זיי באהאנדלענ די פּאָרטראָגנ אונ לעקציעס אונ אפילע די פאָרלעזונגענ פונ פּאָעטנ. די דאָזיקע אייגנארטיקע פארזאמלונגענ זײַנענ געווענ זייער רוישיקע, די שטרײַטנ דערבײַ זײַנענ געווענ היציקע, אָבער די איידעלע כאווערשאפט פונ דער יוגנט־בריגאדע איז געוואָרנ אלצ שטארקער אונ פעסטער. דראגונסקיס בריגאדע האָט באקומענ א גרויסנ שעמ, אונ איר אָנפירער איז ברייט באקאנט געוואָרנ צווישנ אלע ארבעטער פונ דער פאבריק.

אינ אָנהייב 1930 איז דאָוויד דראגונסקי, לויטנ ווילנ פונ די ארבעטער פונ דער טריאָכגאָרקע, געוואָרנ א דעפּוטאט פונ דעמ קראַסנאָפּרעסניער ראיאָנ־סאָוועט, דער יונגסטער דעפּוטאט צווישנ אלע אויסגעווײלטע אינ מאָסקווע. אינ פונקט צומ 25־טנ יאָרטאָג פונעמ אופשטאנד פונ יאָר 1905 אפ דער פּרעסניע איז ער אָנגענומענ געוואָרנ פאר א קאנדידאט פונ דער אלפארבאנדישער קאָמוניסטישער פארטיי באָלשעוויקעס.

ניינ, אינ סאָוועטנפארבאנד וועט מענ ניט לאָזנ פארפאלנ גיינ קיינ איינ פונק פונ טאלאנט. מע האָט דאָווידנ באמערקט אונ אָפּגעשאצט ווי א מענטשנ, וואָס קענ אונ וויל ארבעטנ אונ קענ אויכ אָרגאניזירנ אנדערע. צו שוועריקײַטנ איז ער געוווינט געווענ. ער האָט געדורשט נאָכ שעפעריישנ שווונג. ער האָט ארײַנגעטראָגנ ליכט אונ ווארעמקײַט אינ אלצ, פאר וואָס ער האָט זיכ גענומענ. איבערבויענדיק דאָס לאנד, האָט די קאָמוניסטישע פארטיי זיכ גענייטיקט אפ יעטווידער ארבעט־באצירק אינ גוטע טוער אונ אָרגאניזאטאָרנ. מע האָט דאָווידנ ארויסגערופנ אינ מאָסקווער פארטיי־קאָמיטעט אונ פארגעלייגט ארבעטנ אפנ געביט פונ איבערבויענ די לאנדווירטשאפט.

— איכ פארשטיי אָבער אינ דעמ זייער ווייניק, — האָט דאָוויד געענטפערט.

— נישקאַשע, איר וועט זיך לערנען אין דער ארבעט, באַם לעבן וועט איר זיך לערנען, וועט איר אַלץ פאַרשטיין.

— מיר איז דאָך אָבער בלויז צוואַנציק יאָר.

— און וויפל איז אונדזער לאַנד אינגאַנצן אַלט — דאָס פערצנטע יאָר אַוועק.

— ס'וועט מיר זיין שווער.

— עמעס, טאַקע שווער — און אַפילע זייער שווער. צי דען האָט איר געטרוימט פון לייכטער אַרבעט?

— קלאָל ניט! דערום בין איך דאָך א קאָמוניסט.

— הייסט עס, מאַסקימע?

און דאָוויד האָט געגעבן די האַסקאָמע.

דער יונגער דראַגונסקי איז אויסגעוויילט געוואָרן פאַרן פאָרזיצער פון א דאָרפסראַט אין מאָסקווער געגנט, און ס'איז אָנגעקומען דער שווערער איבערוואַקסן פון א דאָרפישן טוער און אָרגאַניזאַטאָר. דעם יונגן פאָרזיצער פון דאָרפסראַט דאָוויד דראַגונסקין איז אויסגעקומען צו לערנען זיך אויף איין פוס, שנעל צוגעוויינען זיך צו דער סוויווע, אריינדרינגען אינעם דאָרפישן לעבן, אנטשיידן, אָבער פאָרזיכטיק, קעדיי נישט צו באַגיין קיין טאָעסן, עס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט אן אקשאָנעסדיקער, פּילזייטיקער קאַמף קעגן די באַלעגופים און זייערע נאָכטעגער, א קאַמף פאַר דער נײַשאַפע פונעם אָרגאַניזירטן פויער, פאַר זיין ליכטיקער צוקונפט, א קאַמף פאַר דער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט. מע האָט געדאַרפט — איינע אויפגאַבן, די אַנדערע — העלפן זיך פאַנאַנדערקלײַבן, די דריטע — געבן א בייַלעק, די פערטע אויסקאָרטשעווען מיטן וואָרצל.

דראַגונסקי האָט זיך אַבאָנירט אויפן זשורנאַל „אן אגראָנאָם פאַר זיך". ער האָט אויסגעשריבן א סאַך לאַנדווירטשאַפטלעכע ליטעראַטור. אָבער ניט מיט קיין קלענערן דערפאָלג האָט ער זיך געלערנט באַם

לעבנ, בא די דערפארענע פויערימ, בא די האָרעפּאשניקעס, וואָס זײַנענ אימ געווענ אייגנ אונ נאָענט. עמפינדלעכ צו אלדאָס נײַע, דורכשטיק צו אלדאָס מענטשלעכ־אינטערעסאנטע, האָט דאָוויד זיכ אויסגעלערנט די קונסט צו אונטערשיידנ מענטשנ, פארשטיינ זיי, זייערע פאָדערונגענ אונ נויט־באדערפענישנ. מע האָט געדארפט אפ א פארשיידענעמ אויפנ צוגיינ צו פארשיידענע שיכטנ פונעמ פויערטומ אונ פארענטפערנ די פויערימ פּאָשעט אונ איינפאכ די סאמע קאָמפּליצירטע פראגנ.

די אײַנוווינער פונעמ דאָרפ אכמאטאָוו (מאָלאָקאָווער ראיאָנ, מאָסקווער געגנט) האָבנ באגעגנט זייער נײַעמ פּאָרזיצער גאנצ פארשיידנ. די באלעגופימ האָבנ גלײַכ פארשפּרייט א קלאנג, אז מע האָט צוגעשיקט א גרויסנ קאפּיטאליסט א כײַע־ראָע, א כוליגאנ אונ א שלעגער. די פויערימ האָבנ דערזענ פאר זיכ א הייסנ יונג, וועלכער ווייסט, וואָס ער וויל, אונ קענ זײַנ שטרענג אונ אקשאָנעסדיק, אָבער א פרייליכנ אונ א גוטמוטיקנ. ער איז געוואָרנ אנ אָפּטער ארײַנגייער צו די פויערימ. ער האָט אינ זיכ אָנגעהויבנ אײַנזאפּנ די פארבאָרגנסטע טרוימענ פונ די דאָרפס־אײַנוווינער.

איינמאָל, פירנדיק א געשפּרעכ בא א פויער אינ שטוב אונ באשטרײַטנדיק דעמ פויערס אקשאָנעסדיקנ ניט וועלנ פארשטיינ אימ, האָט זיכ דאָוויד שטארק צעהיצט אונ האָט ניט באמערקט, אז זײַנ היציקײַט האָט געמאכט ניט קיינ גוטנ אײַנדרוק אפ דעמ פויערס פאמיליע. צומ גליק איז אינ דאָרפ אראָפּגעקומענ דער סעקרעטאר פונעמ מאָלאָקאָווער ראיקאָמ פונ דער פארטיי ריבאקאָוו. פארשטאנענ, אז דאָ איז באגאנגענ געוואָרנ א פעלער, אונ אז דאָס איז ניט קיינ סיסטעמ, האָט דער דערפארענער פארטיי־טוער אפ א כאוועריש(נ) אויפנ אויפגעקלערט דאָווידנ זײַנ טאָעס. דער סעקרעטאר האָט מיט אימ געהאט א לאנגנ געשפּרעכ וועגנ פויער, וועגנ זײַנע זיטנ, וועגנ דעמ פויערס געוווינהײַטנ אונ פאָרורטיילנ, וועגנ זײַנע מעגלעכקײַטנ אונ מײַ־

לעס. דאָוויד האָט זיכ זייער א סאכ אָפּגעלערנט פונ דער דערפאַרנקײט,
דרייסטקייט אונ קלוגשאַפט פונעמ עלטערנ פּאַרטיי־כאַוועער.

אונ דאָוויד האָט זיכ ניט געשעמט, איז אַוועק צומ פויער, וועלכנ
ער האָט נימ־ווילנדיק באַליידיקט, האָט זיכ פאַר אימ אַנטשולדיקט
אונ געדולדיק אויסגעהערט אַלע זײַנע טענות.

סאָפּקאָלסאָפּ האָט דער יונגער פּאָרזיצער פונ דאָרפּסראַט באַקו־
מענ דאָ אינ דאָרפּ עמעסע פרײַנט, דערוואָרבנ דעמ צוטרוי אונ די אַכ־
טונג פונ דער מערהייט פויערימ, אונ דערבײַ קיינעמ ניט אונטערגע־
באָמקעט, קיינעמ ניט געכאַנפעט, נאָר, פאַרקערט, שטענדיק אַרויסגע־
שטעלט די נייטיקע פאָדערונגענ סײַ צו יענעמ סײַ צו זיכ אַליינ.

בא דאָווידנ זײַנענ אָבער אויכ געווענ דורכפאַלנ. עס זײַנענ געווענ
אַזוינע שוועריקייטנ, אַז ער פלעגט צומאָל שיר ניט אַרײַנפאַלנ אינ
יִיעש. ס'איז ניט לײַכט געווענ בײַצוקומענ די קראַפט פונ דוירעסלאַנ־
גער געוווינהייט, די מוירע פאַרנ נײַעמ, דעמ קאָנסערוואַטיזמ פונעמ
פויער דעמ קליינ־אייגנטימער. דראַגונסקי האָט זיכ אינ אַזוינע פאַלנ
קעסיידער געווענדט צו ריבאַקאָוונ אונ האָט בא אימ שטענדיק גע־
קראָגנ א קלוגע אייצע, אַנ אויספירלעכע דערקלערונג אָדער א רעכטנ
שטיקל בייזלעק. דער סעקרעטאַר פונ ראַיקאָמ האָט אָבער געקענט אַזוי
אָפּזיידלענ, אַז מע זאָל זיכ נאָכדעמ דערפילנ מונטערער אונ זיכערער.
די הילף אונ די אָנפירונג פונעמ ראַיקאָמ פונ דער פּאַרטיי אונ פונ די
סאָוועטישע אָרגאַניזאַציעס האָט דערמוטיקט דעמ יונגנ פּאָרזיצער פו־
נעמ אַכמאַטאָווער דאָרפּסראַט. די שוועריקייטנ אינ דער אַרבעט האָבנ
אימ נאָר פאַרהאַרטעוועט. דאַפקע אינ יענע יאָרנ האָט ער זיכ עס
אויסגעפורעמט ווי א מענטש אונ א באָלשעוויק, לערנענדיק זיכ אַליינ
אונ לערנענדיק די אַנדערע. דורכ די קליינינקייטנ פונעמ שטייגער,
דורכ די טאָג־טעגלעכע זאָרג אונ דײַגעס האָט ער אָבער פאַר זיכ שטענ־
דיק געזענ די גרויסע אויפגאַבע פונ סאָציאַליסטישנ איבערגעשטאַלטנ
דאָס לאַנד — אונ די זעלבע אויפגאַבע האָט ער געלייזט אַפּ זײַנ קליי־

נינקן באצירק מיט אקשאָנעס און מיט באגײַסטערונג, בײַקומענדיק אלערלײ שוועריקײַטן.

שוועריקײַטן און שטערונגען זײַנען געווען א סאך. דאָס יאָר 1930 איז געווען דאָס יאָר פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע. די באלעגופימ האָבן גענומען פירן א גרויסע העצע קעגן די קאָלווירטן און האָבן נאָכגעשלעפּט נאָך זיך די שוואכוויליקע. דראגונסקי האָט באַקומען א בויגן פּאַפּיר, ווו עס איז געווען אויסגערעכנט א צעטל פּאַמיליעס פון פּויערימ, וואָס האָבן דערקלערט, אז זיי טרעטן ארויס פון קאָלווירט און קערן זיך אום צו דער אינדיווידועלערווירטשאַפט. די אונטערשריפטן פון די פּויערימ זײַנען ניט געגאנגען איינס נאָכן אַנדערן, נאָר אינ א קרײַז, ווי א ראָד, כּדי מע זאָל ניט קאָנען דערקענען, ווער עס האָט אונטערגעשריבן דאָס פּאַפּיר דער ערשטער.

דאָס איז אָבער ניט געווען קיין סאָד פאַר דראָווידן. די נעמען פון די באלעגופימ, פון די אונטערהעצער זײַנען אים געווען פון לאנג באקאנט. ניט זיי האָט מען געדאַרפט אגיטירן, נאָר די ערלעכע פּויערים, וואָס האָבן זיך געלאָזט פאנגען אפּ דעם סוינעס ווענטקע.

און דראגונסקי האָט זיך גענומען צו דער דאָזיקער זאך איינעמ מיטן גאנצן אקטיוו. א מוטערער און אן אומדערמידלעכער, הייזער ריק פון די קעסיידערדיקע עפנטלעכע ארויסטרעטונגען, האָט ער געשפּאַנט פון איין פּויער צום אַנדערן, דעמאַסקירט די שפּיצלעך פון די קלאסנ־סאָנימ, קלאָר געמאכט די מיספארשטייענישן, געענטפערט אפּ פראגן, געהאָלפן די פּויערימ זיך פאנאנדערקלײַבן, אײַנגערעדט, אופגעקלערט און דערציילט. ער האָט צונויפגעקליבן פארזאמלונגען און ארויסגערופן די באלעגופימ מיט זייערע נאָכטענצער אפּ אן אָפענעמ שטרײַט. ער האָט מיט גרויס געניטקײַט אופגעדעקט זייער געהיימען פארטראכט, ער האָט זיי קלוג אויסגעלאכט און פארן גאנצן אוילעמ געמאכט מיט דער בלאָטע גלײַך. ווען אינ דאָרף איז געקומען צו פאָרן דיבאקאָוו, האָט דראָוויד געהאט די מעגלעכקײַט אים צו ראפּאָרטירן,

אז די איבערוועוגנדיקע מערהײַט פויערים, וואָס האָבן אונטערגע־שריבן די באַלעגופּישע „טשוואָל־ראַד“, האָבן אויסגעמעקט זייערע פאַמיליעס פונעם צעטל.

אין אָט די הייסע קאַמפּף־טעג האָט זיך אין דער גאַנצער ברייט פאַנאַנדערגעוויקלט דאָוויד דראַגונסקיס אומויסשעפּלעכע ענערגיע. דאָס איז געווען אַ מילכאָמע, און ער האָט זיך דערשפּירט אין זײַן עמעסער כטיכוּע.

די באַלעגופים האָבן זיך אָבער ניט אײַנגעשטילט. אין איינער אַ פינצטערער נאַכט, ווען דאָוויד איז געשלאָפן, האָט אַ באַלעגופּישע קויל דורכגעלעכערט דאָס פענצטער פונעם צימער, ווו דראַגונסקי האָט גע־וווינט, און איז אַרײַן אין וואַנט, ניט אָנרירנדיק אים. דעם שיסער האָט מען ניט געפונען, אָבער ניט בלויז דאָוויד, נאָר אַלע פויערים האָבן גע־וווּסט, ווער דאָס איז. דאָס איז געווען אַ סוינע, אַ באַלעגופּ. נאָך דעם דאָזיקן אַטענטאַט האָבן צענדליקער פויערים אינדיווידואַלן ד'ער־לאַנגט מעלדונגען וועגן דעם, אַז זיי טרעטן אַרײַן אין קאָלווירט.

די באַלעגופים האָבן זיך פאַרקליבן אין די פערד־שטאַלן און האָבן אין עטלעכע קאָלווירטן אָפּגעשניטן בײַ די פערד די עקן — סאַמע ביזן ביין. אָבער דער דאָזיקער פרווו צו באַליידיקן די קאָלווירטניקעס איז זיי ווידעראַמאָל טאַקע אַרויס באָקאָם. דער צאָרן פון די פויערים איז געווען אייך־לעשאַער. זיי האָבן שוין דענסטמאָל דאַפקע גוט פאַר־שטאַנען, אַז וואָס דער באַלעגופּ דער בלוטצאַפּער איז פייַיק, און דער באַלעגופּישער רוקנביין איז אײַנגעבראָכן געוואָרן.

די קאָלווירטן, וואָס דער אַקטיוו פונעם דאָרפסראַט האָט געשאַפן, זײַנען געוואַקסן און זיך געפעסטיקט. אין פרילינג 1932 האָבן זיי באַם פאַרזיי פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין ראַיאָן און דאָס פער־טע אָרט אין מאָסקווער געגנט. דראַגונסקי, אַצינד שוין אַ מיטגליד פון דער קאָמפּאַרטיי, איז אויסגעוויילט געוואָרן פאַרן סעקרעטאַר פון־נעם באַזעווע פּאַרטיי־קעמערל, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט 28 דערפער און 18 קאָלווירטן.

דאַוויד האָט פאַרגעזעצט ארבעטן אין דאָרף, פאָטש ער האָט שוין צו יענער צייט געטרוימט וועגן ליטעראַרישן פאקולטעט פונעם מאָס־קווער אוניווערסיטעט. ער האָט אָפט געדרוקט ארטיקלען אין דער ראַ־יאָן־צייטונג. בעסאָד־סוידעס געשריבן דערציילונגען און אויסגעוויילט פאַר זיך די פראָפעסיע פון א ליטעראַט.

אין א ווארעמען פרילינג־טאָג פון 1933 איז ער אראָפגעקומען צו ריבאַקאָוון און האָט אים געזאָגט, אז דעם ערשטן קורס פונעם לעבנס־אוניווערסיטעט האַלט ער פאַר דורכגעמאַכט, און ער מיינט, אז עס איז איצט פונקט די צייט אָנצוקומען אין מאָסקווער אוניווערסיטעט, און ער בעט טאקע, מע זאָל אים אָפּלאָזן לערנען זיך.

ריבאַקאָוו האָט אים אופמערקזאם אויסגעהערט, גוטברודעריש א פאטש געטאָן איבער דער פלייצע און באוויזן אים א בויגן פאפיר, אף וועלכן ס'איז קלאָר געווען אָנגעשריבן זיין פאמיליע — דראַ־גונסקי.

דאַוויד האָט אופמערקזאם דורכגעלייענט דאָס פאפיר און ארומגע־כאַפּט באַם זעגענען זיך זיין פארטיי־אָנפירער. נאָכדעם האָט ער זיך אַף א מיליטערישן אויפן געגעבן א קער אוים און האָט אוועקגעשפאַנט אהיים איינפאַקן די זאַכן. צומאָרגנס איז ער אוועק דינען אין דער רויטער ארמיי.

3

ד י רויטע ארמיי דערוועקט און שלייפט אָפּ די בעסטע אייגנשאפטן פונעם יונגן מענטשן. די גרויסארטיקייט פון ציל, די באַוווּסטזיניקע שטרענגע דיסציפלין, די טאָג־טעגלעכע סאָלדאטסקע האַרעוואניע, די אַלזייטיקע אנטוויקלונג פון די פיזישע און גייסטיקע קרעפטן פונעם סאָלדאט און אָפיצער — אָט וואָס עס מאכט די דאָזיקע ארמיי פאַר דער סאמע באַוווּסטזיניקער און בעסטער ארמיי אין דער וועלט. דאָ, אין דער ארמיי, פילסטו זיך פאַר א סאָלדאט און א כאוועיר, פאַר א מי־

ליטערישנ ספעציאַליסט און פאר א סאָוועטישנ בירגער, פאר אנ ארמייִשנ טוער און פאר אנ אידייִשנ מיטקעמפער פונ די פאָלקס־פאַרטיידיקער און פאָלקס־באַפרייַער.

שווער איז דער סאָלדאַטישער אינדערוואָכנ, האַרב איז דער וועג פונ דער ארמייִשער לער. אָבער גינמסטיק זייַנענ די סאַכאַקלענ פונ דעמ דאָזיקנ וועג, און זיי לאָזנ זיכ זייער לייַכט אָנטאַפּנ בא יעדנ איינעמ, ווער ס'האָט אימ דורכגעמאַכט, — אַלציינס צי ער וויילט טאַקע אויס אפ ווייַטער א מיליטערישנ פאַכ, צי אַפילע ווענ ער פאַרבלייַבט סאָפּ־קאָלסאָפּ, א ציווילער מענטש.

דעמ צווייטנ קורס פונ דעמ גרויסנ לעבנס־אוניווערסיטעט האָט דאָוויד דראַגונסקי אָנגעהויבנ דורכגיינ אינ לערנ־באַטאַליאָנ פונ אנ אינפאַנטעריע־פּאָלק. ער האָט זיכ גאַנצ גיכ צוגעוווינט צו די נייַע אומשטענדנ און איז פעסט אַרייַנ אינעמ קורסאַנטישנ לעבנ. געוואָרנ גלייַכצייַטיק א רעדאַקטאָר פונ דער אָרטיקער צייַטונג „אַפּנ שלאַכט־פּאָסטנ'', האָט ער געגומענע רימענ און לויבנ די קייסעריניע פונ די פעלדער, די מוטער פעכאָטע. אָבער צו זייַנ א פעכאָטינעץ איז אימ, ווייַזט אויס, ניט באַשערט געווענ. לויט א באַפעל פונעמ מיליטער־קרייַז, האָט מענ אימ איבערגעפירט אינ א טאַנקענ־שול, דאָס האָט באַשטימט זייַנ ווייַטערדיקנ גורל.

לאַנגזאַמ האָט זיכ געצויגנ יעדער טאָג, און דאָכ זייַנענ די דרייַ יאָר אינ דער טאַנקיסטנ־שול פאַרלאָפנ גאַנצ גיכ. דאָוויד איז געוואָרנ אנ עכטער טאַנקיסט, וואָס האָט ליב זייַנ אַרבעט, שטאָלצירט מיט זייַנ פּראָפעסיע, וואָס ווייסט אַלע סוידעס פונ דער טאַנקיסטישער מייַסטערשאַפט. אַלע דרייַ יאָר האָט ער זיכ געלערנט אויסגעצייכנט, ער איז געווענ קעסיידער פאַרטאָרג פונ דער ראָטע, א ליבלינג בא די כאַווייריִמ. דער שעפ פונ דער טאַנקיסטנ־שול — אנ אויסערגעוויינלעכ שטרענגער — וועלכער האָט אָבער פאַרמאָגט א שוואַכקייַט צו מענטשנ „מיט א פונק'', האָט ניט איינ מאָל עפנטלעכ באַטאָנט, אז דראַגונסקי

טראָגט אריינ אינ יעדער זאכ, פאר וועלכער ער נעמט זיכ, א שעפערישנ געדאנק אונ שטרעבט אויסצומיידנ יעדער מינ שאבלאָנ.

דאָוויד איז שטענדיק געווענ אויסגעבונדנ מיט מענטשנ. ער האָט ליב געהאט אליינ פריילעכ מאכנ זיכ אונ אנדערע פריילעכ מאכנ. עס זיינענ אָבער בא אימ געווענ שטרענג־רעגלאמענטירטע שאָענ, ביים וועלכע ער פלעגט אָפּוואַרפנ די רייצנדיקסטע פאָרשלאָגנ פונ זיינע בעסטע פריינט. אינ די דאָזיקע שאָענ האָט ער געלייענט, אינ די דאָזיקע שאָענ האָט ער געטראכט איבער דעמ, וואָס אזוינס באטייט די פּראָפעסיע פונ א טאנקיסט אונ די פּראָפעסיע פונ א רעוואָליוציאָנער.

ער האָט געוואָלט זיינ א געבילדעטער ספּעציאַליסט, אָבער ניט קיינ איינגעשלאָסענער אינ א שאָלעכצ. ער האָט געשטרעבט אומעטומ אונ אינ אלצ זיינ א פאָרגעשריטענער מענטש.

באקומענ אויסגעצייכנטע באלנ אפ אלע קעגנשטאנדנ, האָט דאָוויד געהאט דאָס רעכט אויסצוקלייבנ אליינ, אינ וואָס פאר א מיליטער־טייל ער וועט דינענ נאָכנ ענדיקנ די שול. דאָוויד האָט אויסגעוויילט א טאנקענ־דיוויזיע, וואָס איז געווענ דיסלאָצירט אינ מאָסקווע. ער האָט מיטגעטיילט וועגנ זיינ באשלוס דעמ שעפ פונ דער שול, נאָר יענער האָט זיכ עפּעס פלוצעמ פאנאנדערגעלאכט. אינ א וואָכ ארומ נאָכנ ארויסלאָז האָט דער שעפ פונ דער שול ארויסגערופנ צו זיכ דעמ לייטענאנט דראגונסקי אונ האָט אימ אוועקגעלייגט אזא מינ רעדע:

— לעהייפּעכ צו דעמ, וואָס איכ האָב וועגנ אייכ אָפּט געערדט אונ געטראכט, האָט איר דאָס מאָל געהאנדלט דאפקע לויטנ שאבלאָנ: איר בעט זיכ קיינ מאָסקווע. די הויפּטשטאָט איז אוואדע א וואונדערלעכע שטאָט. נאָר צי דענ וועט איר דאָרט קענענ באקומענ אזא פארהארטונג, ווי מע קאָנ באקומענ אינ אנ אנדער אָרט? אצינד, קעדיי צו ווערנ פּראקטיש אנ עכטער קריגער אונ אָפיצער, דארפט איר זוכנ ניט מאָסקווע, ניט דאָרט, ווו ס'איז גרינגער, נאָר ווו ס'איז שווערער. די רוימער פלעגנ זאָגנ, אז דער העכסטער לוינ פאר אנ ארמייענ־פירער, וועלכער

האָט נאָרוואָס אויסגעפּילט א שווערע אופגאבע. איז די מעגלעכקייט אויסצוצייכענענ זיכ נאָכאמאָל. איכ וויל אייכ געבנ די מעגלעכקייט קעסיידער אויסצוצייכענענ זיכ. אזויווי איר זייט א פייִקער אָפיצער, גייט אייכ די קאָמאנדשאפט אנטקעגנ אונ באפרידיקט אייער ווילנ: איר וועט זיכ געפינענ ניט וויייט פונ מאָסקווע.

— ווו? — האָט דאָוויד געפרעגט.

— ארומ וולאדיוואָסטאָק...

אונ דער שעפ פונ דער שול האָט אימ אויסגעשטרעקט די האנט. אנ איבעראשטער האָט דער לייטענאנט דראגונסקי ניט געפונענ וואָס צו ענטפערנ. ווענ ער האָט אָבער גוט באטראכט דאָס אלצ, וואָס מע האָט אימ געזאָגט, האָט ער פארשטאנענ, אז דער באשלוס איז געווענ א ריכטיקער.

סוויאטסק איז געווענ אופגערודערט. דאָס שטעטעלע איז מאמעיש געגאנגענ כאָדאָראָמ, ווענ דער לייטענאנט דראגונסקי האָט פאַרנ אָפּפאָרנ קיינ וולאדיוואָסטאָק זיכ אראָפּגעכאפּט אהיימ פארברענגענ זייִנ אָנדערהאלבנ־כאָדאָשימדיקנ אורלויב. זעט נאָר, וואָס פאר א זונ עס איז אויסגעוואקסנ בא אווראָמ דעמ שנייִדער! זעט נאָר, ס׳ארא שטאלט, ס׳ארא גאנג, ס׳ארא הוילעכ!.. ווענ דאָוויד האָט שפּאצירט אינ דרויסנ, איז אימ שטענדיק נאָכגעגאנגענ אנ אוילעמ מענטשנ.

אינ סוויאטסקער בעסמעדרעש אונ קלויסטער איז ארומ אווראָמ דעמ שנייִדער געווענ ניט ווייניק טומל. די שטעטלדיקע טוישווימ האָבנ באטראכט די דאָזיקע געשעעניש פונ אלע זייטנ, אונ אלע האָבנ שטאָלצירט מיטנ סוויאטסקער באָכער — סיי די רוסנ, סיי די ייִדנ, סיי די ווייסרוסנ. אונ די יוגנט, וואָס איז ניט געגאנגענ ניט אינ בעסמעדרעש אונ ניט אינ קלויסטער, — זי האָט גאָר געכאפּט גרויס היספּייִלעס.

סוויאטסק האָט זיכ שטארק געענדערט זינט יענער צייט, ווענ דאָוויד האָט זיכ אוועקגעלאָזט אינ נאָוואָזיבקאָווער קאָאָפּעראציע־טעכניקומ. עס זייִנענ פארשווונדנ די רעשטנ פונעמ אמאָליקנ דאָלעס. ניט

נאָר די מענטשנ, נאָר אפילע די הײַזער פונעם יִשעוו האָבנ אויסגעגלײַכט זייערע אײַנגעהויקערטע רוקנס. די סאָוועטנמאכט האָט ארײַנגעבראכט אינ סוויאטסק שולנ, א קלוב, לעקציעס, קאָנצערטנ. עס איז אפ אייביק פארשווּנדנ אינ לאנד די ארבעטסלאָזיקײַט. ארבעט איז געוואָרנ א זאכ פונ העלדנמוט, פונ ערע, פונ העראָיזמ אונ רומ. די קינדער פונ די סוויאטסקער טוישווימ, וועלכע האָבנ אמאָל ניט געהאט קיינ אנדער אויסזיכט ווי צו ווערנ אָרעמע קרעמערלעכ אָדער נעבעכדיקע באלמעלאָכעס, זײַנענ געוואָרנ אינזשעניערנ, מעטאלורגנ, אגראָנאָמענ, דאָקטוירימ, יוריסטנ, כימיקער. אונ ווער עס האָט אויסגעוויילט פאר זײַנ בארופ א פּאָשעטע מעלאָכע, האָט אויכ געמעגט דערמיט שטאָלצירנ, ווײַל די מעלאָכע, די ארבעט איז געוואָרנ גאָר אנ אנדערע, אנ ארבעט פארנ פאָלק. אָבער א לייטענאנט — אזוינס איז נאָכ ביז אהער אינ סוויאטסק ניט געשענ! אונ נאָכ וואָס פאר א לייטענאנט — אנ אויסגעצייכנטלער! אונ נאָכ וואָס פאר אנ אויסגעצייכנטלער — א טאנקיסט!

דער גאנצער יִשעוו האָט געוווּסט, אז דאָוויד האָט געגעבנ דער מאמענ צוויי א האלבע טויזנט רובל, אָנגעבראכט מאטאָנעס די עלטערנ, די ברידער, די שוועסטער, אונ האָט אויכ ניט פארגעסנ אינ זײַנ אלטנ לערער אונ פרײַנט ניקאָלײַ אלעקסאנדראָוויטש זשדאנאָוו. דער אלטער אווראָמ האָט אינ די דאָזיקע טעג מיטאמאָל באקומענ א יאָמטעוודיקנ אויסזענ, אונ דאָווידס מאמע, ראָכל, איז מאמעש געווענ אפנ זיבעטנ הימל, ווענ זי האָט דערזענ, אז דער בוכהאלטער פאָמא כידאָראָוויטש דאָלענקינ האָט, באגעגענענדיק איינמאָל דאָווידנ אינ גאס, אריבערגעלייגט דאָס שטעקל מיטנ זילבערנעם קעפל אינ דער לינקער האנט אונ אראָפגענומענ פאר אימ די הוט.

סאמע פארנ אָפפאָרנ האָט דאָוויד אוועקגעלייגט אפנ טיש די מאפע פונעם סאָוועטנפארבאנד אונ פארגעבנ אלעמענ א רעטעניש: זאָל מענ טרעפנ, וווּהינ ער פאָרט. דער טאטע האָט געזאָגט, אז קיינ

מאָסקווע, די מאַמע — קיין האָמעל, דער עלטערער ברודער האָט צו־געמאַכט די אויגן און אַ שטעק געטאָן דעם פינגער אין דער מאַפּע אַרײַן: אַרמאַוויר! די שוועסטער האָט דערבײַ אַ פיר געטאָן מיטן פינ־גער איבער דער מאַפּע און האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן שוואַרצן ים.

סאַמע ערעוו נײַ־יאָר 1937 איז אויף דער סטאַנציע ראַזדאָלנאַיאַ, אַפן ווײַטן מיזרעך, אָנגעקומען דער קאָמאַנדיר פון אַ טאַנקען־וזוואָד דער לייטענאַנט דראַגונסקי.

4

— איך זע נאָך אײַער פּאָנעם, אַז איר זײַט ווידער געקומען צו מיר מיט אַן אײַנפאַל, — האָט שמייכלענדיק געזאָגט דער קאָמאַנדיר פון טייל.

— טאַק טאָטשנאָ, כאַווער מאַיאָר.

— נו, וואָס זשע? זעצט זיך. לייגט אַרויס, וואָס איר האָט.

— אָנהייבן פון דער אידיייִשער באַגרינדונג פון דער זאַך אָדער גלײַך פונעם פּראַקטישן פאָרשלאָג?

— ווי איר ווילט.

דראַגונסקי האָט אָנגעהויבן זײַן ראַפּאָרט לאַנגזאַם, ווי ער וואָלט פאַרגעזעצט צו באַטראַכטן די זאַך:

— דער סאָוועטישער קריגער דאַרף זיך אויסלערנען צו באַזיגן דעם טויט, עמעס?

— אַבסאָליוט ריכטיק.

— דער סאָוועטישער טאַנקיסט דאַרף דאָס קענען טאָן ניט ער־גער, נאָר בעסער איידער די פאָרשטייער פון אַנדערע מיליטער־פאַכן.

— דאָס איז אויך עמעס.

— אַלזאָ, צו דער זאַך. ניט ווײַט פון אונדז פליסט דער טײַך סױ־פון, וואָס דאָס באַטײַט אויף כינעזיש דער „טײַך פון טויט“. איך ווייס

ניט, צי וועלנ מיר וועג־עס־איז טרעפנ אפ דער מילכאָמע א וואַטער־באריער מיט אזא מינ נאָמענ, אָבער יעטווידער טײַכ קאָנ פאַר אונדז זײַנ א מינ טאנקענ־טויט. טאנקענ דארפנ זיכ אויסלערנענ בײַצוקומענ טײַכנ, וואָס פאר א נאָמענ זיי זאָלנ ניט האָבנ.

— דעריבער?

— דעריבער בעט איכ אײַכ, איר זאָלט דערלויבנ מיר מיטנ טאנקענ־פירער ניקיפאָראָוו דורכצושפאצירנ זיכ אפנ דעק פונ סוי־פונ אינעמ טאנק 26 — T איכ האָב שוינ אלצ באטראכט, איכ האָב שריפטלעכ באגרינדעט מײַנ מיינונג. זייער מעגלעכ, אז אונדזער דערפארונג וועט צוניצ קומענ, אויב סע וועט געראָטנ.

דעמ 13 יונ 1938 איז דער טאנקענ־טייל אונ א גרויסער גרוילעכ ארטיקע אײַנווינער געווענ איידעס דערפונ, וויאזוי צומ ערשטנ מאָל אפנ ווײַטנ מיזרעכ איז זיכ א טאנק דורכגעגאנגענ איבערנ דעק פונ א טײַכ. דראגונסקים שלאכט־מאשינ איז געווענ פעסט ארומגעשמירט, אָנ קיינ שפארונע. צוויי לאנגע דינע רערנ, וואָס האָבנ ארויסגעשטארצט איבערנ וואסער, האָבנ געגעבנ לופט דעמ מאָטאָר, דעמ רויש־לעשער אונ דער מאנשאפט.

דער קאָמאנדיר פונעמ טאנקענ־טייל האָט א לאנגע צײַט פאר דעמ ארומגעשפאנט איבערנ ברעג פונ טײַכ אונ אויסגעקליבנ דאָס אָרט, וווּ דער טאנק וועט מאכנ זײַנ פרווו. דאָווידס כאוויירימ זײַנענ געבליבנ שטיינ פארגאפטע, ווענ זיי האָבנ דערזענ, אז זײַנ 26 — T האָט זיכ שווער אראָפגעלאָזט אינ די כוואליעס פונ סוי־פונ אונ איז פארשווונדנ געוואָרנ פונ די אויגנ. די רערנ איבערנ וואסער האָבנ באוויזנ, וווּהינ דער טאנק באוועגט זיכ. ווי ס׳האָט זיכ ארויסגעוויזנ, האָט דאָ דער טײַכ געהאלטנ פיר מעטער די טיפ. אינמיטנ טײַכ האָט דער 26 — T אומגעריכט גענומענ גיינ אינ דער קרימ, פארלענגערנדיק זײַנ וועג צומ קעגניבערדיקנ ברעג.

— האַלט זיך רעכטס! רעכטס! — האָבן זיך העפטיק צעשריגן צענדליקער שטימען, גלײַך ווי די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפונען אין טאַנק אונטערן וואַסער, וואָלטן זיי געקאָנט דערהערן.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער „טײַך פון טויט” בײַגעקומען געוואָרן. דער מאַיאָר האָט באַגעגנט די זיגער מיט אַ באַגריסונגס־רעדע און האָט יעדערן פון זיי געשענקט אַ מאַטאָנע — אַ זייגער.

די האַלבע שעה גיין אונטערן וואַסער האָט אָפּגעקאָסט דאָווידן אַ סך שעה אָפּ באַטראַכטן, צוגרייטן און אויסרעכענען יעדע זאַך. יעדע מינדסטע קלייניקײַט האָט געפאָדערט קאָנטראָל און נאָכאַמאָל קאָנטראָל. פון צענדליקער אויפגאַבן, וויאַזוי צו באַזאָרגן די מאַנשאַפט מיט לופט, האָט מען געדאַרפט אויסוויילן דעם איינפאַכסטן, וועלכן ס'זאָל קאָנען אָנווענדן אין די געוויינלעכסטע מיליטערישע באַדינגונגען. די אויפגאַבע איז דאָ געווען ניט צו שטעלן אַ רעקאָרד אָדער מאַכן אַ גלענצנדיקן עפעקטפולן קונץ, וואָס קאָן ניט צוניץ קומען אין דער געוויינלעכער מיליטער־פּראַקטיק, נאָר אויסלערנען טאַקע די פּאַשעטע טאַנקען צו גיין אונטערן וואַסער. דאָוויד האָט אַ לאַנגע צײַט און מיט גרויס באַגײַסטערונג געניט פּלאַנירט זײַן זיג איבערן „טײַך פון טויט”, ווידמענדיק דער דאָזיקער זאַך זײַן גאַנצע פרײַע צײַט.

דער אונטערוואַסער־מאַרש איז געווען דער פינפטער טאַנקיסטישער אײַנפאַל פונעם לייטענאַנט דראַגונסקי.

אָבער די דאָזיקע נאָוואַטאָרישע אופטועס זײַנען געגאַנגען באַנאַנד מיט דער געוויינלעכער שווערער און בעקאָוועדיקער מיליטערישער לער. צו יענער צײַט איז ער שוין געוואָרן אַ קאָמאַנדיר פון אַ טאַנקען־ראָטע, די בעסטע ראָטע אין באַטאַליאָן. איך וואָלט געזאָגט, אַז קיין איין קאָמאַנדיר האָט ניט אַרויסגעשטעלט אַזוינע האַרבע פאָדערונגען צו די קריגער ווי דראַגונסקי. ער האָט דאָס אָבער געטאָן ניט בלויז מיט באַפעל, נאָר אויך דורך אייגענעם מוסטער. ער האָט מיט אַזאַ פרייילעכער מינע דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט אַלע זײַנע טאַנקיסטן

אלע שוועריקײַטנ פונ די מארשנ אונ איבונגענ, אז יעדנ איינעמ פונ זיי איז געווענ לײַכט אונ אינטערעסאנט בײַצוקומענ אזויפיל שוועריקײַטנ, באקומענ אזויפיל וויסנ.

אינ דער ווילדער מענטשנלאָזער טײַגע זײַנענ דורכגעמאכט געוואָרנ פיל־הונדערט־קילאָמעטערדיקע מארשנ, מע האָט זיכ געלערנט פארשיידענערליי אויפגאבנ: צו שיסנ פונ טאנקענ, מע האָט אויסגעשמידט אײַזערנע מוסקולנ אונ שטאָלענע כאראקטערס. דער קאָמאנדיר דראגונסקי האָט געפירט א סאָלדאטיש לעבנ, אונ די דערפארונג, וואָס ער האָט באקומענ אינ יענער צײַט, איז געווענ ניט אָפּצושאצנ.

אינ דראגונסקיס ראָטע זײַנענ געווענ רוסנ, אוקראַינער, טאָטערנ, ייִדנ, טשוואשנ, קאזאכנ, אונ מע האָט זי אָנגעהויבנ רופנ „דראגונסקיס אינטערנאציאָנאל״. א פרעמדער אפילע, ווענ ער פלעגט אַרײַנקומענ אינ דער סאָלדאטישער קאזארמע אָדער אינ די געצעלטנ פונ דראגונסקיס טאנקיסטנ, פלעגט ער גלײַכ דאָ דערפילנ א מוסטער פונ מענטשלעכער פרײַנטשאפט, פונ קעגנזײַטיקער אכטונג, פונ אומשאצבארער סאָוועטישער איינהײַט.

אפּ די פּאָליטישע לימודימ האָט דאָוויד געפאָדערט פונ זײַנע קריגער, זיי זאָלנ וויסנ אונ קענענ דערציילנ וועגנ לעבנ פונ די העלדנ פונ זייער אייגנ פאָלק. די ראָטע האָט באקומענ אָנשוילעכע לעקציעס, וויאזוי צו אכטנ יעטווידע נאציאָנאליטעט. ס'איז א פארגעניגנ געווענ צו הערנ, וויאזוי די קריגער זינגענ לידער אפּ אלערליי שפּראכנ. איינמאָל, בעשאס מע האָט זיכ אָפּגעשטעלט אפּ א קורצנ אָפּרו בײַמ מארש אינ דער טײַגע, האָבנ די קריגער געבעטנ זייער קאָמאנדיר, ער זאָל זיי אויסזינגענ זײַנע אייגענע נאציאָנאלע לידער — אונ זיי האָבנ מיט א גוואלדיקנ גענוס אײַנגעזאפּט אינ זיכ די שיינקײַט פונ די ייִדישע מעלאָדיעס.

דאָוויד איז געווענ א דענקענדער קאָמאנדיר. אינ דער זעלבער צײַט, וואָס ער האָט זיכ באשעפטיקט מיט דער אויפגאבע דורכצולאָזנ דעמ

טאנק איבערן דעק פון טײַב, האָט ער שוין געארבעט איבער א נײַער אופגאבע. ער האָט פארטראכט דורכצופירן א דויערנדיקן פיל־טויזנט־קילאָמעטערדיקן טאנקען־מארש. אָבער די געשעענישן האָבן אים גע־צווונגען צו ענדערן דעם פּלאן. עס איז אים פאָרגעשטאנען א וועג א סאך א נעענטערער, אָבער א שווערערער.

אין א הייסער יול־נאכט פון 1938 האָט מען דעם גאנצן טייל אופגעהויבן דורך אן אליארם־סיגנאל. ווען עס האָבן זיך פארזאמלט אלע קאָמאנדירן פון די טיילן, האָט דאָוויד זיך דערוווּסט, אז ס'איז געקומען די צײַט אָנצולערנען די פרעכע יאפּאָנער, אז די אופגאבע איז — אוועקלאָזן זיך צו דער אָזערע כאסאן.

דראגונסקי איז געווען פארכאפּט און באגײַסטערט: אָט איז זי, די הייליקע שלאכט קעגן די סאָנים פונעם היימלאנד! אָט איז זי די מעגלעכקײַט דורכצוקאָנטראָלירן די קראפט, דעם ווילן, די געשולטקײַט פון א קאָמאנדיר!

עס איז פאָרגעשטאנען א מאנעווער־מארש פון 250 קילאָמעטער. דאָס איז געווען אן עמעסע מיליטערישע דורכקאָנטראָלירונג פון דער גאנצער ארבעט און לער, וואָס מע האָט דורכגעמאכט ביז דעם. יעט־ווידער אָפיצער האָט זיך דערפילט ווי אפּ אן עקזאמען, אפּ אן אויס־פּרווו. צי זײַנען די קריגער גענוג צוגעגרייט? ווי וועט זיך „אופירן" דער טאנק, אלע זײַנע טיילן? ווי וועלן זיך ארויסווײַזן די אָרגאניזא־טאָרישע פייִקײַטן פון איטלעכן קאָמאנדיר?

די באגײַסטערונג און רעגונג האָט דערגרייכט א הויכן גראד, מאָב־מעס אינעם באפעל איז געווען געזאָגט: „ווער עס וועט דער ערשטער אָנקומען צום אָרט פון די געשעענישן, דער וועט זיך דער ערשטער שלאָגן".

די דריטע ראָטע איז אָנגעקומען די ערשטע. קיין איין טאנק איז ניט אָפּגעשטאנען, קיין איין קריגער האָט ניט געבראָכן די אָרדענונג פון די שלאכט־רייען. די געוויינהײַט בײַצוקומען אלערליי שוועריקײַטן,

וואָס די טאַנקיסטן האָבן זי באַקומען בא דראַגונסקין, האָט געגעבן א מעגלעכקייט דער ראָטע די ערשטע אָנקומען צום ציל, — אינעם קירצסטן טערמין און אָן קיין שום אויסעראָרדנטלעכע פאַלן.

דעם 2 אווגוסט 1938 האָט דעם לייטענאַנט דראַגונסקים ראָטע אַנטייל גענומען אינעם שטורעם פון דער סאָפּקע בעזימיאַנאַיא און האָט אויסגעפילט די שלאַכט־אויפגאַבע, אַרײַנשנײַדנדיק זיך טיף אין דער פּאָזיציע פון די יאַפּאַנער.

דעם 6 אווגוסט האָט די דריטע טאַנקען־ראָטע די ערשטע זיך דערקליבן צום סאַמע שפּיץ פון דער סאָפּקע, האָבנדיק דערמיט פאַרברייטערט דעם דורכרײַס. די יאַפּאַנער זײַנען געלאָפן.

דראָווידן האָט ארומגעכאַפּט די באַגײַסטערונג פון שלאַכט. ער האָט געקאָנט לײַכט פאַרגעסן זיך, אָפּגעבן זיך אומיטלבאַר דער שלאַכט און אַרויסווײַזן פּערזענלעכן העראָיזם. און ער האָט טאַקע געשאָסן, דראַגונסקי, ער האָט געפירט זײַן אייגענעם טאַנק אהין, ווו מע האָט געקאָנט צעקוועטשן א פײַנטלעכן האַרמאַט אָדער פײַנטלעכע סאָלדאַטן. ער האָט אָבער דערבײַ אַף קיין איין מינוט ניט פאַרגעסן, אז ער איז א קאָמאַנדיר פון א ראָטע און טראָגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַלע קריגער, פאַר אַלע מאַשינעס, פאַר דער גאַנצער שלאַכט, וואָס עס פירט די ראָטע.

דראַגונסקים טאַנק האָט זיך ארומגעטראָגן איבער דער סאָפּקע, און ער האָט פּלוצעם באַמערקט, אז דער לאַנדשאַפט, וואָס איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען פאַר זײַנע אויגן, איז מיטאַמאָל פאַרשוווּנדן געוואָרן. וואָס איז דאָס פאַרא שטיק? וואָס קומט דאָ פאָר?

דער טאַנק האָט אָנגעהויבן אויסקערעווען אַף לינקס, רײַסנדיק זיך סאַמע צו דער אָזערע. דראָוויד האָט זיך אָנגעבויגן צום מעכאַניקער און גענומען אַף אים שרײַען:

— שטיי! שטיי! וווהין טראָגסטו זיך?

אָבער דער אויסגעשריי איז מיטאמאָל פֿארגליווערט געוואָרן אפּ זײַנע ליפּן.

ער וועט קיינמאָל ניט פֿארגעסן אָט די שרעקלעכע רעגע: דער מעכאניקער, דער טאנקען־פֿירער, איז געלעגן מיט אן אָפּגעשניטענעם שארבן, ארופּגעוואלגערט זיך מיטן גאנצן קערפּער אפּן הייבער. ענדערן עפּעס־וואָס איז שוין דאָ געווען אומעגלעך. דער טאנק האָט זיך געיאָגט צום וואסער אלץ שנעלער און שנעלער. סאמע בא דער אָזערע האָט זיך דראגונסקין קוים אײַנגעגעבן ארויסצושפּרינגען פֿון דער מאשין, וועלכע איז ארײַן אין וואסער און דערטרונקען געוואָרן.

דראגונסקי האָט זיך אריבערגעזעצט אפּ אן אנדער טאנק און האָט פֿארגעזעצט אָנצופֿירן מיט דער שלאכט.

אין א קורצער צײַט ארום איז די דריטע ראָטע געוואָרן אן אָרדענטרעגערישע ראָטע. אלע אירע קריגסלײַט און אָפֿיצערן זײַנען באלוינט געוואָרן פֿון דער רעגירונג. דאָוויד האָט באקומען אן אָרדען פֿון דער רויטער פֿאָן.

מיט טריומף האָבן זיך אונדזערע ארמיי־טיילן צוריקגעקערט אפּ זייערע קווארטירן. הונדערטער בריוו האָט דער עלטערער לייטענאנט דראגונסקי באקומען פֿון זײַן שטעטעלע סוויאטסק. ער איז געוואָרן די שטאָלץ פֿון זײַן ייִשעוו, די שטאָלץ פֿון אלע זײַנע אײַנוווינער.

צום גליק האָט ער באקומען די מעגלעכקייט אָפּצודאנקען זײַנע לאנדסלײַט מיט א פּערזענלעכן וויזיט, — ער איז געקומען אין אורלויב. דאָס גאנצע שטעטל איז ארויס באגעגענען דעם העלד פֿון כאסאן. אין יעדער שטוב איז געווען יאָמטעוו. ס'איז פֿארגעקומען א מיטינג, מע האָט לעקאָוועד אים אײַנגעאָרדנט כאווערישע באגעגענישן. די לערער האָבן אים פֿארופֿן אין שול און פֿײַערלעך דערקלערט די קינדער, אז דראגונסקי האָט זיך געקאָנט דערשלאָגן צו אזא דערפֿאָלג דערפֿאר, ווײַל ער איז געווען דער סאמע דיסציפּלינירטער שילער אין שול.



דראגונסקי צווישנ זײַנ מישפּאָכע.

ס'איז אימ זײער אָנגענעמ געווענ צו פארברענגענ אינ סוויאטסק אונ זען, ווי דאָס לעבנ פונ די אָרטיקע אײַנוווינער ווערט אַלצ בעסער אונ בעסער. דאָוויד האָט זיכ דערוווסט, אַז אַ סאַכ באָכערימ אונ מיידלעכ פונ סוויאטסק האָבנ פאַרענדיקט הויכשולנ, זײַנענ געוואָרנ מעלוכע־טוער, אינזשעניערנ, פליִער. אַ סאַכ נאָכעמ האָט ער פאַרשטאַנענ זײַנע עלטערנ. דאָכ איז בא אימ דער גרעסטער טײל פונ זײַנ אור־לויב־צײַט אַוועק אָפּ צו פאַנאַנדעראַרבעטנ דעמ איבערגעריסענעמ פּראָ־יעקט פונעמ גרויסנ טאַנקענ־מאַרש אונ אָפּ צו פאַראַלגעמײנערנ די דערפאַרונג פונ די כאַסאַנער שלאַכטנ.

געקומענ צוריק אינ זײַנ טייל, האָט דאָוויד מיטנ גאַנצנ היץ אונ ברענ פאָרגעזעצט צו לערנענ מיט זײַנע רויטאַרמייער די קונסט פונ שלאַכט. ווידער לאַנגדויערנדיקע מאַרשנ איבער דער טײַגע, ווידער די אַקשאָנעסדיקע סאָלדאַטסקע האָרעוואַניע. דראַגונסקי האָט אַלעמענ אינ טייל אָנגעשטעקט מיט זײַנ לעבנס־פרייד אונ ציל־געוועדנטקײַט. דעמ געוויינלעכנ האַרבנ אינדערוואָכנ האָט ער געקענט באַפּוצנ מיט אַלע פאַרבנ פונ דערהויבענער יאָמטעוודיקײַט.

איינמאָל איז ער געבליבנ שטעקנ אַפּ א לאַנגער צײַט אינ טײַגע. ס'האָט געדאַרפט באַלד אָנקומענ דאָס נײַע 1939 יאָר. דערקלײַבנ זיכ ביז נײַ־יאָר צומ פאָלק איז ניט געווענ קיינ שומ מעגלעכקײַט. וואָס טוט מענ? אַלס קאָמאַנדיר דאַרפ ער זענ, אַז אַלע זײַנע רויטאַרמייער זאָלנ זיכ דערפילנ יאָמטעוודיק צו נײַ־יאָר, באַזונדערס נאָכנ ניצאָכנ באַ דער אָזערע כאַסאַנ.

אונ דראַגונסקי האָט צוגעטראַכט. אַפּ א גרויסער שיינער יאָדלע האָט מענ אָנגעהאַנגענ סאָלדאַטישע קעסעלעכ אונ לעפל אונ מע האָט אײַנגעאָרדנט פאַר די רויטאַרמייער אַנ עמעסנ שיינעמ נײַ־יאָר־יאָמטעוו.

פרילינג 1939 האָט מענ דאָווידנ געשיקט לערנענ זיכ קיינ מאָס־קווע אינ דער אַקאַדעמיע אַפּ פרונזעס נאָמענ, וועלכע ער האָט פאַר־ענדיקט מיט אַנ אויסצייכענונג צומ אָנהייב פונ דער גרויסער פאָ־טערלענדישער מילכאָמע.

5

די רײַטשישע באָמבעס, וואָס האָבנ אופגעריסנ די פרימאָרגנ־שטילקײַט פונ איינעמ א פרידלעכנ זונטיק, האָבנ קלאָר באַוויזנ. אַז דער סוינע איז אָנגעפאַלנ אַפּנ סאָוועטנפאַרבאַנד, אָנגעפאַלנ פונ הינטנ־אַרומ, אָנ א וואָרענונג, כיטרע אונ פרעכ.

דער גאַרניזאָנ פונ דער פעסטונג אָסאָוועצ, ווו דאָוויד דראַגונסקי האָט צו יענער צײַט סטאַזשירט, האָט זיכ בליצ־שנעל גענומענ צומ

געוועך. מע האָט פארנומען די שוצ־ליניע, מע האָט אָנגעהויבן מאָ־
ביליזירן די באַפעלקערונג. פון אלע זייטן האָבן זיך א שאָט געטאָ
מענטשן, דורכגעדרונגען מיט איין הייסן פארלאנג — דערלאנגען
א גרויזאמען ווידערשטאנד די דייטשישע כייעס.

דאָוויד איז צוגעגאנגען צו א גרופּע יידישע באָכערים, וואָס האָבן
נאָרוואָס באקומען ביקסן, און האָט צו זיי אזוי געזאָגט:

— מיר האָבן גאָר א באזונדערן כעזשבן מיט די פאשיסטן. יע־
דערער פון אונדז מוז ווערן א העלד. איז לאָמיר דערוויזן, וואָזוי
יידן דארפן זיך שלאָגן פאר זייער סאָוועטיש, סאָציאליסטיש היימ־
לאנד. זייט אין די ערשטע רייען!

באוועגט פון איין געפיל, האָבן די יידישע באָכערים זיך גענומען
פאר די הענט און האָבן פּאָשעט און ערנסט אויסגערופן:

— מיר שווערן, אז אזוי וועט זיין!

דראגונסקין איז ניט אויסגעקומען אריינצוטרעטן אין שלאכט צו־
זאמען מיטן אָסאָוועצער גארניזאָן. ער האָט באקומען א באפעל טיי־
קעפ ארויספאָרן קיין מאָסקווע צו נעמען אפ זיך די קאָמאנדשאפט אי־
בער א טאנקען־באטאליאָן.

אפן וועג קיין מאָסקווע האָט ער גלייך דערפילט, ווי מעכטיק עס
האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט די מאָביליזאציע פונעם לאנד, אָבער
ער האָט שוין אויך געזען די טרויעריקע עוואקואציע־בילדער, די מענ־
געס פרידלעכע בירגער, וואָס די דייטשישע באָמבעס און קוילן האָבן
זיי ארויסגעריסן פון זייער גליקלעכער היים. די „מעסערשמידטן"
און די „יונקערס", וואָס זיינען ווי טשאטעס רויב־פויגל ארומיגע־
פלויגן איבערן הימל, האָבן מיט א באזונדערער אכזאָריעס און סאַ־
דיזם באָמבירט די קאָלאָנעס פליטים, די סאניטאר־צוגן, די עשעלאָ־
נען מיט עוואקוירטע זקיינים, פרויען און קינדער.

ביים איינעם אזא אָנפאל האָט דראגונסקי, וועלכער האָט געפירט
א קאָלאָנע פון צוועלף מיליטערישע מאשינעס, צוגעזען א בילד, וואָס

האָט זיך אים אַן שטענדיק אַנגעפּריצט אין זיקאָרן. ער איז גראָד דורכגעפאָרן פאַרבײַ א גרויס דאָרף, ווען עס האָט זיך דערהערט דער אַליאַרעם־סיגנאַל פון א לופט־אַטאַקע. דראַגונסקי האָט אָפּגעשטעלט די מאַשינעס, און די רויטאַרמייער האָבן זיך לויט זײַן קאָמאַנדע אויס־געלייגט אין די קאַנאַוועס לענגאויס דעם וועג. פּופּצן „מעסערשמידטן" האָבן אָנגעהויבן באַשיסן מיט באָמבעס דאָס דאָרף און דעם שאָסיי־וועג. זיי האָבן געמאַכט איינס קרײַז איבערן דאָרף, א צווייטן, א דריטן, און נאָך יעדער קרײַז — אַראָפּגענידערט און אַרויסגעשלײַ־דערט זייער טויט־פּראַכט. דאָוויד האָט דערזען פאַר זיך א שוידערלעך בילד. פון א קליינע שטיבל זײַנען אַרויסגעגאַנגען דרײַ אַלטע ייִדן, זיי זײַנען געבליבן שטיין אינמיטן הויף, האָבן זיך איבערגעדעקט מיט איינע טאַלעס און זײַנען ווי פאַרגליווערט געוואָרן אויף אָרט. פון אויפ־רעגונג האָט אים אָנגעהויבן שטיקן אין האַלדז. ער האָט אַרויסגע־שטעקט דעם קאָפּ פון זײַן באַהעלטעניש און האָט גענומען צו זיי שרײַען:

— ייִדעס, לייגט זיך!

אָבער די אַלטע זײַנען געבליבן אונטערגעשניטן געוואָרן פון א קויל־סעריע, וואָס דער פאַשיסטישער פליִער האָט אין זיי אַרײַנגעשאָסן. דערבײַ איז דער דײַטשישער אַעראָפּלאַן געפלויגן אַזוי נידעריק, אַז ער האָט מיט די פליגלען שיר ניט אָנגערירט דעם דאַך.

מיט גרויס פאַרביטערונג האָט דאָוויד געטראַכט וועגן דעם, וואָס ער האָט געזען אויפן וועג. ס'איז אים אָבער געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער גרופּע ייִדישע באַבערים, וועלכע האָבן פעסט צונויפגעדריקט אין זייערע הענט די באַלומענע ביקסן.

דעם 17 יולי 1941 האָט דראַגונסקי אין מאָסקווע גענומען די קאָמאַנדע איבער א טאַנקען־באַטאַליאָן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן באַקענט מיטן טאַנקיסטן־באַשטאַנד, דורכגעקאָנטראָלירט די אַרבעט פון די

טשכאניזמען, און דער באטאליאָן האָט זיך אוועקגעלאָזט אפן פראָנט.

— איך בין צופרידן, — האָט דאָוויר געזאָגט צו די קאָמאַנדירן פון די ראָטעס און ווזוואָדן, — וואָס אונדזערע שטאָלענע מאַשינעס ווערן געפירט פון מענטשן מיט שטאָלענע הערצער.

בא דוכאָוושטשינע איז דער באטאליאָן גלייך פון מאַרש אריינגעטראָטן אין שלאכט, פארצאמענדיק די דייטשן דעם וועג אפ רזשעוו. עס איז געווען א דויערנדיקע, בלוטיקע שלאכט, אָן איין רעגע אָפרו. דראַגונסקי אליין האָט אין זיין טאַנק אָנגעפירט מיט זיבן אטאַקעס. ביים דער פערטער אטאַקע האָט זיך זיין טאַנק אָנגעצונדן, און ער האָט פארלאָשן דאָס פייער מיט די אייגענע הענט. דער סוינע האָט יעדעס מאָל אריינגעפירט אין שלאכט פרישע קרעפטן און מיט גרויס אכזאָריעס אטאַקירט דאָס סאָוועטישע מיליטער, אָבער די שטאָלענע צאַם פון די טאַנקען איז ניט דורכגעריסן געוואָרן.

מע האָט די דייטשן אָפגעשטעלט, און זיי זיינען אריבער צו א שוץ־טאַקטיק.

דער גענעראַל־מאַיאָר קאָוואַלענקאָ, דער קאָמאַנדיר פון דער טאַנקען־דיוויזיע, צו וועלכער עס האָט געהערט דראַגונסקיס באטאַליאָן, אַן אַלטער רוסישער גענעראַל נאָך פון פאַר דער רעוואָליוציע, וועלכער איז אצינד, אין די טעג פון גרויסן אויספּרוּוו פאַרן היימלאַנד, אריינגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, האָט צו זיך ארויסגערופן דראַגונסקין, אים אויסגעשטרעקט זיין האַנט און געזאָגט:

— איר זייט א דרייסטער מענטש, דראַגונסקי! איר זייט אַן עכטער קאָמאַנדיר! איך דאַנק אייך.

דער גאַנצער כוידעש אווגוסט איז דורך אין קעסיידערדיקע שלאכטן. דער קאָמבאַט דראַגונסקי האָט פערזענלעך דורכגעמאַכט צוועלף נייע אטאַקעס, און ווען בא אים אין באטאַליאָן זיינען שוין פאַרבליבן גאָר ווייניק טאַנקען, האָט אים דער גענעראַל־מאַיאָר קאָוואַלענקאָ בא־

שטימט פארנ שעפ פונעמ אפעראטיוונ אפטייל פונ דער דיוויזיע אונ דערצו נאכ אלס צייטווייליקנ שטעלפארטרעטער פונעמ שטאב־שעפ.

דער יונגער שטאב־אפיצער דראגונסקי האט מיט גרויס דערפאלג אויסגעפילט זיינע נייע קאמפליצירטע פליכטנ, האגאמ ער האט זיכ אפט געפילט אינ א פארלעגנהייט דערפונ, וואס ער, אנ עלטערער לייטענאנט, האט געהאט צו שאפנ איבער מאיארנ אונ פאדפאלקאווניקעס. עמעס, דער דאזיקער געפיל איז גאנצ גיכ פארשוווּנדנ. אינ גאנג פונ די שלאכטנ האט די אנפירונג פונ דער רויטער ארמיי אנטשיידנ אונ דרייסט ארויסגערוקט יונגע טאלאנטפולע קאמאנדירנ, וועלכע האבנ זיכ אויסגעצייכנט אינ שלאכט. דעמ 24 סענטיאבער איז דראגונסקי געווארנ א קאפיטאנ אונ דעמ 22 נאיאבער — א מאיאר.

די מילכאמע איז א קעסיידערדיקער אויספרווו פונ אלע פיזישע אונ אינטעלעקטועלע קרעפטנ פונעמ מענטשנ. סיי אפ כאסאנ, סיי אינ די ערשטע כאדאשימ פונ דער פאטערלענדישער מילכאמע האט דראגונסקי ניט איינ מאל אפגעגעבנ עקזאמענ אפ דרייסטקייט, מוט אונ שרעקלאזיקייט. אונ אינ אקטיאבער 1941 האט אימ דאס מאזל אונטערגעטראגנ א נייעמ אויספרווו.

דעמ 3 אקטיאבער האבנ די דייטשנ דורכגעריסנ דעמ פראנט אונטער וויאזמע, אונ קאוואלענקאס דיוויזיע איז געבליבנ אינ ארומרינגלונג. דער אלטער גענעראל האט קאטעגאריש אפגעווארפנ דעמ פארשלאג פונ אייניקע אפיצערנ וועגנ ארויסרייסנ זיכ פונ ארומרינגלונג אינ קליינע גרופעס. דער גאנצער מיליטער־טייל האט זיכ א לאז געטאנ אפ מיזרעכ, אפשלאגנדיק די פארביסענע אטאקעס פונעמ סוינע.

די דיוויזיע איז געגאנגענ דורכ וועלדער אונ זומפנ. שיכ אונ קליידונג האבנ זיכ אפגעניצט. שפייז־פראדוקטנ האבנ זיכ אויסגענומענ. די רויטארמייער האבנ זיכ דערנערט מיט יאגעדעס אונ האבנ

געגעסן וואָס נאָר עס האָט זיך געמאַכט. בא פיל פון זיי האָט זיך באַ־וויזן דער שילשל. זיי האָבן זיך געווייקט און געפרוירן אין בלאָטעס. אָבער די דיוויזיע איז אַלץ געגאַנגען פאָרויס, האָט ניט געהאַט קיין איין אָפּגעשטאַנענעם און ניט איבערגעלאָזט אפֿן וועג קיין איין פאַרוווּנדעטן.

די דײַטשן האָבן אָפּט באָמבירט די קאָלאָנעס פון דער דיוויזיע און האָבן זיי פאַרוואָרפן מיט פלוג־בלעטלעך, אַז מאָסקווע איז גע־פאַלן און די רויטע אַרמיי איז פאַרניכטעט. קיינער האָט אָבער דערין ניט געגלייבט, און מע איז בא זיך ניט אַראָפּגעפאַלן. די רויטאַרמייער האָבן געזען דעם העלדישן בײַשפּיל פון זייערע קאָמאַנדירן, וועלכע זײַנען געגאַנגען האַנט בא האַנט מיט זיי, זײַנען אויסגעשטאַנען צו־גלײַך מיט זיי אַלע צאָרעס און זײַנען דאָך פאַרבליבן מונטער און זיכער אין דערפאָלג.

דאָוויד האָט זיך אין די דאָזיקע שווערע טעג אַרויסגעוויזן פאַר אַ בראַוון און פייַיקן אָפיצער. אין אַ דורכגעווייקטן שינעל און צעטראָ־טענע שטיוול, אָבער שטענדיק אַ פריש־ראַזירטער, אַ לעבעדיקער און אַ פלינקער, איז ער פאַר זײַנע רויטאַרמייער געווען אַן עמעסער קוואַל פון מונטערקײַט און רויִקײַט.

דראַגונסקי אַלס אָפיצער איז געווען זייער אַ שטרענגער און האָט שטענדיק געשטעלט גרויסע פאָדערונגען סײַ צום אָפיצער און סײַ צום סאָלדאַט, אָבער מיט אַ באַזונדערער שאַרפקײַט האָט ער זיך צוגע־קוקט צו די אָפיצערן און סאָלדאַטן ייִדן. דאָוויד האָט שטענדיק שטאָלצירט מיט זײַן פאָלק, און ס'איז אים מאַמעש געגאַנגען אין לעבן, אַז די זין פון זײַן פאָלק זאָלן זײַן די ווירדיקסטע און איבערגעגעבנסטע קריגער פון דער רויטער אַרמיי. און זיי האָבן טאַקע אָרנטלעך איינ־געפילט זייער מיליטערישן כּיוון.

מיט אַ מוירעדיקער קראַפט האָט זיך די דיוויזיע דורכגעשלאָגן דעם וועג, קעדיי צו פאַרייניקן זיך מיט די הויפּט־טיילן פון דער רוי־

טער ארמיי. די לעצטע קילאָמעטערס וועג זײַנען אָנגעקומען באזונדערס שווער. דאָס אָרט, וווּ די דיוויזיע האָט זיכ געקענט דורכרײַסנ, איז געווענ ביז גאָר קליינ אונ שמאָל. מע האָט געמוזט מיט דער גאנצער שטאָלענער קראפט א זעץ טאָנ אינעמ שמאָלנ דורכגאנג אונ ארויסרײַסנ זיכ אפ דער פרײַ. אונ די הונגעריקע, מידע רויטארמייער האָבנ דורכגעזעצט דעמ וועג.

דער קאָמאנדיר פונ דער דיוויזיע האָט באשטעטיקט דעמ פּלאַנ פונעמ צײַטווײַליקנ שטאב־שעפ דראגונסקי. זײַנ פּלאַנ איז באשטאנענ דערינ, אז אינ דער שפּיץ זאָלנ זיכ דורכרײַסנ קריגער מיט לײַכטע קוילנווארפער, פונ די זײַטנ זאָלנ זיכ דורכזאפּנ באטאליאָנענ אווטאָמאטלער אונ פונ הינטנ זאָל דאָס אלצ באוואָרנט ווערנ דורכ א מעכטיקנ פײַער־פאָרהאנג.

ארומגערינגלט פונ אלע זײַטנ מיט א שוצ־וואנט פונ פײַער, האָט מענ אינמיטנ, מיט א קלענערער געפאר, געפירט די פארוווּנדעטע אונ קראנקע.

די דיוויזיע האָט זיכ מיט א פאָרסירטנ מאַרש געלאָזט פאָרויס, באשיסנדיק דעמ וועג פונ אלע מינימ געווער. די דײַטשנ האָבנ זיכ ניט געריכט אפ אזא שטארקנ דורכרײַס אונ האָבנ ניט באוויזנ באצײַטנס צו אָרגאניזירנ א געהעריקנ ווידערשטאנד. אינ עטלעכע שאָ ארומ איז דער געפערלעכער וועג דורכגעמאכט געוואָרנ, אונ די העלדישע דיוויזיע איז גראטולירט געוואָרנ דורכ די העכערע קאָמאנדירנ פונעמ פראָנט.

אינ פולער שלאכט־גרייטקײַט זײַנען פונ ארומרינגלונג ארויסגעגאנגענ 2800 מאנ.

# 6

לויטנ פאָרשלאָג פונעם גענעראל-מאיאָר כאָרוזשענקאָ איז דער מאַיאָר דראַגונסקי, וועלכער האָט שוינ צו יענער צײַט געהאַט אָנגעפירט מיט א באַזונדערער מיליטער-גרופּע, אומגעריכט אָפּגעשיקט געוואָרנ אינ דער אקאַדעמיע פונעם גענעראַל-שטאַב, ווו ער האָט זיכ אָפּגעלערנט ביז אַפּרעל 1942. באַרײַכערט מיט שלאַכט-דערפאַרונג, האָט דראַגונסקי דאָס מאָל געהאַט גאָר א גרויסע פולע פונעם לערנענ, אונ ער האָט בעעמעס געקאָנט זײַנ צופרידנ. אָבער דעמ פאָסטנ, וואָס ער האָט נאָכנ לערנענ באַקומענ, האָט ער אופגענומענ אָנ איבעריקנ ענטוזיאַזמ. ס'איז טאַקע א קאָוועד צו ווערנ דער שעפ פונעם אויסשפּיר-אָפּטייל פונ א קאָרפּוס, נאָר דעמ מאַיאָר דראַגונסקי האָט זיכ געוואָלט זײַנ נעענטער צו דער פײַער-ליניע. קיינ שומ ביטעס, פונ זײַנ זײַט, האָבנ אימ אָבער ניט געהאָלפנ.

עס זײַנענ אדורכ זעקס כאַדאָשימ אינ שווערע שוצ-שלאַכטנ אינ קרימ אונ קאַווקאַז. דראַגונסקי האָט פאַר דער צײַט באַוויזנ אויסצופילנ א ריי קאָמפּליצירטע אופגאַבנ אונ האָט זיכ ווידער פאַרעקאָמענדירט פאַר אַנ אויסגעצייכנטנ אָפיצער. ער האָט אָבער אלצ ניט געקאָנט זיכ באַרויִקנ, ווײַל עס האָט אימ קעסיידער געצויגנ דירעקט אינ שלאַכט. אונ ערשט צומ סאָפּ יאָר האָט די קאָמאַנדשאַפט באַוויליקט זײַנ ביטע, אונ מע האָט אימ באַשטימט פאַרנ שעפ פונעם שטאַב פונ א מעכאַניזירטער בריגאַדע.

צומ 5 יול 1943 געפינט זיכ דער פאָדפאָלקאָווניק דראַגונסקי אָפנ שאָסיי-וועג אָבאָיאַנ — בעלגאָראָד. דאָס איז געווענ דער טאָג, ווענ אומגעהייערע מאַסנ דײַטשישע טאַנקענ האָבנ אָנגעהויבנ זייער אָנגריפ קעגנ דעמ סאָוועטישנ מיליטער. גוואַלדיק-גרויסע אוויִאַציע-אייַנהײַטנ פונעמ סוינע האָבנ אָנ אופהער באָמבירט די רויטאַרמייִשע טיילנ. די דײַטשנ האָט זיכ אָבער ניט אײַנגעגעבנ דורכצורײַסנ דעמ

קורסקער „בויגן". דער אויסערגעוויינלעכער מאסן־העראָיזם פֿון די סאָוועטישע קריגער האָט אָפּגעשטעלט די פֿאַשיסטישע גאָרגל־שנײַדער. הונדערטער דײַטשישע טאַנקען זײַנען פֿאַרבליבן אויפֿן שלאַכטפֿעלד, צעקאַליעטשעטע און פֿאַרברענטע. די פֿאַשיסטישע אינפֿאַנטעריע איז געווען אָנמעכטיק אַנטקעגן דעם רוסישן פֿײַער. די רוסישע קריגער האָבן ניט פֿאַרלאָזט זייערע שוץ־גראָבנס, אַפֿילו ווען די „טיגערס" און „פּאַנטערעס" זײַנען האַרט צו זיי צוגעגאַנגען. די סאָוועטישע העלדן האָבן דורכגעלאָזט דעם סיינעמס טאַנקען דורך זייערע טראַנשייען, און נאָכדעם האָבן זיי זיך אויפֿגעהויבן און פֿאַרוואָרפֿן די שטאָלענע דײַטשישע כּלי־ראָעס מיט גראַנאַטעס און צינד־פֿלעשער.

דראַגונסקי האָט באַקומען אַ באַפֿעל אַריבערפֿירן די בריגאַדע אויף דער אַנדערער זײַט טײַך פּענאַ און אָרגאַניזירן אַזאַ שוץ־ליניע, אַז די דײַטשן זאָלן ווײַטער קיין טראָט ניט קאָנען מאַכן. די פֿאַרלוסטן פֿון אונדזערע באַטאַליאָנען זײַנען געווען גאַנץ היפּשע. דער בריגאַדע־קאָמאַנדיר איז פֿאַרווונדעט געוואָרן. עס זײַנען אויך פֿאַרווונדעט געוואָרן קאָמאַנדירן אין די ראָטעס און באַטאַליאָנען.

דאָוויד האָט זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ פּאַנצער־אויטאָ און האָט זיך דערקליבן צו די פֿאָדערשטע שוץ־גראָבנס און בליגדאַזשן. די אויפֿגאַבע איז באַשטאַנען דערין, מע זאָל איבערדיסלאָצירן דאָס מיליטער אומבאַמערקט פֿאַרן סוינע. דראַגונסקי האָט גענומען אַרויספֿירן אויף דער אַנדערער זײַט טײַך איין באַטאַליאָן נאָך אַנדערן, און דערבײַ האָבן די איבערגעבליבענע באַטאַליאָנען פֿאָרגעזעצט די שלאַכט. לעסאָף האָט ער דורכגעלאָזט פֿאַרבײַ זיך דעם לעצטן באַטאַליאָן און איז געבליבן שטעקן לעבן די דײַטשן אויף אַ קליינינקן „ווילים" אָנשטאָט דעם פּאַנצער־אויטאָ, וועלכן ער האָט שוין אויך געהאַט אַריבערגעפּעקלט אויף יענער זײַט טײַך. אַ דײַטשישע האַרמאַטן־קויל האָט געטראָפֿן אין „ווילים", דערהאַרגעט דעם שאָפֿער און דראַגונסקיס אַדיוטאַנט. איצט איז אים נאָר געבליבן דערקלײַבן זיך צו זײַן טייל. די איקער־זאַך איז

שוין אָבער געווען אָפּגעטאָן. ווען ער האָט זיך דערנענטערט צום טײַך, האָט זיך אַף זײַנע אויגן אופגעריסן דער בריק: דאָס מאָל האָט אים אויך דאָס מאָל צוגעשפּילט, און ער איז געבליבן לעבן. ער איז אַרײַן אין טײַך און איז, שווימענדיק מיטן וואַסער און דורכקריכנדיק דורכן אָטשערעט, סאָפּקאָלסאָפּ, אָנגעקומען אַפן אָרט.

אַף דער אַנדערער זײַט פֿענא איז אופגעבויט געוואָרן אַזאַ "שוצ־ליניע", אַז די דײַטשן האָבן זי בעשום־אויפן ניט געקאָנט דורכרײַסן. דאָס איז געווען בלויז אַ קליין טיילעכל פֿון דער גראַנדיעזער פֿעסטונג, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַפן קורסקער "בויגן", אַף די וועגן, וואָס פֿירן צו אָריאָל און בעלגאָראָד. דעם סוינעס וויטנגייענדיקע פּלענער האָבן געפּלאַצט ווי אַ זייפן־בלאָז.

אין דרײַ וואָכן אַרום האָט זיך אָנגעהויבן דער גענעראַל־אָנגריף פֿונעם סאָוועטישן מיליטער, וועלכער האָט, אין לעצטן סאַכאַקל, זיך פֿאַרענדיקט בא די ברעגן פֿון שפּרעע און וואָלטאַווע. דאָס איז געווען אַ שווערער, אָבער אַן אויסגעצייכנטער, אַ דרייערהאַפטער, אָבער אומופהערלעכער אָנגריף.

די ערשטע טריט פֿון דעם דאָזיקן אָנגריף איז דעם פּאַרפּאַלקאָווניק דראַגונסקי ניט אויסגעקומען דורכצומאַכן. אַ שפּליטער פֿון אַ דײַטשישער האַרמאַטן־קויל האָט אים געטראָפֿן אין פֿוס, און די פֿריילעכע בסורע וועגן אָנגריף האָט ער דערהערט אין שפּיטאָל. דאָוויד האָט פֿאַרלאָרן די רו. ער האָט זיך געבעטן ראַכמים בא די דאָקטוירים, זיי זאָלן אים אַרויסלאָזן, ער האָט זיי געפּרוווט אײַנרײדן, אַז די וווּנד איז גאָרניט ווערט, אַז זי האָט זיך שוין פֿאַרצויגן, פֿאַרהיילט, אַז ס'איז ביכלאַל גאָר קיין וווּנד ניט געווען. אָבער אַזוי ווי די עסקולאַפּן זײַנען געווען מויער־פֿעסט, האָט דאָוויד באַשלאָסן אַליין אַן אייצע געבן זיך. ער האָט בעסאָד־סוידעס צונויפֿגעקליבן זײַן פּעקל, און איז מיט דער הילף פֿון איינעם אַן אָפּיצער געקומען אַפן וואָקזאַל. אַזוי האָט ער געמאַכט זײַן ערשטע פּלייטע פֿון שפּיטאָל.

דראגונסקי האָט דעריאָגט זײַנ בריגאדע נעבנ באַרקאָוו. אינ אָט די שווערע טעג האָט ער איבער זיך אַליינ געטריבנ לייצאַנעס: ער קאָנ ניט גיינ אפ די אייגענע פיס, מוז ער, נעבעכ, ארומקריכנ אפ אַלע פיר... רעדער פונ זײַנ ,,ווילים''. אפנ ,,ווילים'' האָט ער זיך ארומגעטראָגנ איבער די טיילנ פונ דער בריגאדע. אפנ ,,ווילים'' האָט ער זיך ארומ־געיאָגט צווישנ די טאנקענ, ווענ זיי זײַנענ געגאנגענ אינ אטאקע. אפנ ,,ווילים'' האָט ער זיך ארײַנגעריסנ אינ די ייִשווים.

צום אָרדענ פונ דער ,,רויטער פּאָנ'', וואָס ער האָט באקומענ פאר כאסאנ, איז איצט צוגעקומענ דער אָרדענ ,,רויטער שטערנ''.

אינ דער אומגעגנט פונ דער סטאנציע מאקסימאָווקע (צווישנ אָל־שאני אונ באָגאָדוכאָווקע) האָט מענ דראגונסקינ געלאָזט וויסנ, אז מע קאָנ דעמ אָנגריפ ניט פאָרזעצנ, ווײַל די בריק וועט ניט אויסהאלטנ די לאסט פונ די טאנקענ, איז דאָוויד אַליינ אוועק באטראכטנ די בריק אפנ אָרט. ווענ ער איז אהער צוגעקומענ, האָט זיך ארויסגעוויזנ, אז ער געפינט זיך סאכאקל א צענ מעטער פונ א דײַטשישער לויער־גרופע. ער האָט נאָר באוויזנ ארופצוטרעטנ אפ דער בריק, ווי מע האָט אימ באשאָסנ, אונ ער האָט זיך אפ יעדנ פאל אראָפּגעוואָרפנ פונ בריק אינ וואסער פונ צוויי מעטער די הייכ. ער איז געבליבנ אומגעשעדיקט, אָבער אוועק־גיינ פונדאנענ האָט זיך אימ ניט אײַנגעגעבנ. ארומ אונ ארומ האָבנ געפײַפט קוילנ — ס'איז אפילע שווער געווענ זיך פאנאנדערצוקלײַבנ וועמענס, אונ ער איז געווענ געצוווּנגענ אָפּצוליגנ אָנדערהאלבנ שאָ אינ טײַכ.

אינ טייל האָט מענ זיך ניט גלײַכ געכאפט, אז ער איז ניט גע־וואָרנ. ווענ מע האָט זיך אָבער געכאפּט, האָט מענ טייקעפ אָרגאני־זירט אנ ארטילעריע־אָנפלי אפ די דײַטשישע פּאָזיציעס. אונטער דער שוצ פונ די אייגענע הארמאט־קוילנ איז דראגונסקינ געלונגענ דורכצו־קלײַבנ זיך צוריק צו זײַנ טייל.

דער וועג אפ כארקאָוו איז געווען דורכגעזעצט פון דאָרעמ־מיזרעוו. אָבער אריינטרעטן קיין כארקאָוו איז אימ פערזענלעך ניט באַשערט געווען.

הונדערט דייטשישע עראָפּלאנען זיינען אָנגעפלויגן אפן פּונקט, ווו ס'איז געווען דיסלאָצירט דראגונסקים בריגאדע, און האָבן זי אָנגעהויבן אכזאָריעסדיק באָמבירן. דראגונסקי האָט ניט באוויזן אריינצוכאפּן זיך אין א באהעלטעניש, און ער האָט זיך אנידערגעלייגט אין א קאנאווע. ווען די „יונקערסן" האָבן, צום וויפלטן מאָל, געמאכט א ברייטן קרייז, גרייט נאָכאמאָל אראָפּלאָזן זיך באָמבירן, האָט דער פּאָדפּאָלקאָווניק, ארויסקוקנדיק פון קאנאווע, באמערקט, אז ניט ווייט פון אימ שטייט א יונגער רויטארמייער, וועלכער איז, ווי ס'איז קאָנטיק געווען פון זיין אופירונג, ערשט ניט לאנג געקומען אפן פראָנט. דער אומדערפארענער יונגער באָכער, וואָס האָט נאָך קיין פּולווער ניט געשמעקט, איז געשטאנען ווי א געליימטער און האָט אפילע ניט געטראכט צו זוכן א באהעלטעניש.

— קום אהער! — האָט אימ דראגונסקי א רוף געטאָן.

דער באָכער איז געבליבן שטיין אפ אן אָרט.

— קום אהער, איך באפעל דיר!

דער רויטארמייער איז צו אימ צוגעלאָפן, און דאָוויד האָט אימ פארשטופּט אין קאנאווע אהינטער זיך.

עטלעכע מעטער פון דער קאנאווע האָט זיך אופגעריסן א באָמבע און האָט שווער פארוווּנדעט דאָווידן מיט א גרויסן שפּליטער. דער רויטארמייער איז געבליבן גאנצ.

צוויי מיט א האלבע כאדאָשימ האָט דראגונסקי זיך געהיילט, און כע האָט זיך איצט ווידעראמאָל איבערגעכאזערט די פריִערדיקע געשיכטע. דאָוויד האָט גענומען אופווייזן די דאָקטוירים, אז ער איז אבסאָליוט געזונט און ער מעג שוין פאָרן אפן פראָנט. קיינע איינדריידעניש האָבן ניט געהאָלפן. זעענדיק, אז ס'איז אומזיסט די טירכע, האָט

ער זיכ אויב דאָס מאָל אַליינ אָנ אייצע געגעבנ. ער האָט געהיימ צוגעגרייט זײַנ פעקל אונ האָט, איצט שוינ אָנ קיינעמס הילפ, אָפגעצויגנ צומ וואָקזאַל.

אַזוי איז ער דאָס צווייטע מאָל אַנטלאָפנ פונ שפיטאָל.

ז

קיִעוו איז שוינ געווענ פאַר די אויגנ. ס'איז געגנוג געווענ אַריבערשפאַנענ דעמ דניעפער — אונ מע איז שוינ אינ דער הויפטשטאָט פונ אוקראַיִנע.

די רויטע אַרמיי האָט זיכ געגרייט צומ שטורעמ. אונטערנ אומופהערלעכנ אַרטילעריע־פײַער פונעמ סוינע, אונטערנ שוידערלעכנ בלײַענעמ שלאַקסרעגנ האָט מענ אינ פאַרשיידענע פונקטנ אויסגעבויט עמלעכע בריקנ איבערנ דניעפער, וועלכע האָבנ פאַרייניקט דעמ לינקנ ברעג מיט די קלייניקע פלאַצדאַרמענ אויפנ רעכטנ ברעג טײַכ.

גרייטנדיק דעמ אָנגריפ, האָט דער שטאַב פונ פראָנט, צווישנ אַנדערע מאָסמיטלענ, געזוכט א קאָמאַנדיר, וואָס זאָל ווערט זײַנ צו שטיינ **בעראָש פונ איינער א טאַנקענ־בריגאַדע, וועלכע האָט געזאָלט באַקו**מענ א באַזונדערס וויכטיקע אויפגאַבע.

דאָוויד דראַגונסקי איז, אַליינ ניט וויסנדיק דערפונ, געוואָרנ אַנ אָנטיילנעמער פונ א געהיימענ קאָנקורס. מיט א גוואַלדיקער אינערלעכער רעגונג איז ער צוגעגאַנגענ צומ טיש, אַרומ וועלכנ עס זײַנענ געזעסנ דער קאָמאַנדיר פונעמ ערשטנ אוקראַיִנישנ פראָנט — דער אַרמיי־גענעראַל וואַטוטינ, דער גענעראַל־לייטענאַנט ניקיטאַ כרושטשאָוו, דער גענעראַל־לייטענאַנט שטעוויוניעוו אונ פיל אַנדערע גענעראַלנ, וואָס האָבנ אָפט פיגורירט אינ די באַפעלנ פונעמ אויבער־הויפטקאָמאַנדיר אונ זײַנענ באַצייכנט געוואָרנ אַלס די העלדישע כאַוַל־פירער פונעמ זיגרײַכנ סאָוועטישנ אָנגריפ.

אפּ די צאָלרײַכע פראגן, וואָס מע האָט אים דאָ געשטעלט, האָט דאָוויד אָפּגעענטפערט באשיידן און פּאָשעט. דערהויפּט האָט ער זיך באמיט, קיינער זאָל ניט באמערקן, אז ער לײַדט נאָך פון דער ווונד. ער האָט מיט זײַנע ענטפערס בעפּיירעש געמאכט א גוטן אײַנדרוק אפּ דער קאָמאנדשאפט. דראגונסקי האָט אָבער דערפילט, אז דער איקער שטייט אים נאָך פאָר, און אזוי איז עס טאקע געווען.

אָנבייגנדיק עטוואָס דעם קאָפּ פאָרויס און קוקנדיק אים שארפ אין די אויגן אריין, האָט וואטוטין א פרעג געטאָן:

— און אויב מע וועט אײַך שיקן מיט א בריגאדע אין דורכרײַס, און מע וועט אײַך אָנטרויען אן אויסשליסלעך־שווערן און געפערלעכן רעיד טיף באם סוינע אין הינטערלאנד, און עס וועט אײַך זײַן שווער, — וועט איר ניט טאָן קיין ציטער?

די פראגע איז קלאָל ניט געווען קיין באליידיקנדיקע. דער פראָנט־קאָמאנדיר האָט, ווי עס ווײַזט אויס, גאנץ גוט פארשטאנען, וואָס פאר א טיפע טראוומע עס פארבלײַבט אמאָל בא א מענטשן, וועלכער איז שוין צוויי מאָל געווען ערנסט פארווונדעט. גלײַכצײַטיק האָט ער לויטן ענטפער אפּ זײַן פראגע געהאט די מעגלעכקײַט צו אורטיילן וועגן דעם כאראקטער פונעם מענטשן, וועגן זײַן גאנצן פּסיכאָלאָגישן מעחום.

דאָוויד האָט לאנגזאם און באדאכט אָפּגעענטפערט:

— כאווער ארמיי־גענעראל! פארן טויט האָב איך מוירע, אָבער די אויפגאבע וועל איך מינאסטאם אויספילן.

— וואָס הייסט מינאסטאם? — האָט שארפ אויסגעשריִען דער גענעראל־לייטענאנט שטעווניעוו.

— דאָס ווענדט זיך דערפון, ווי ווײַט עס איז געזיכערט און צוגעגרייט די גאנצע אָפּעראציע, — האָט רויִק דערווידערט דראגונסקי. — דאָס ווענדט זיך פון א סאך אומשטענדן, אפילע ווען עס איז נייטיק אנצוהייבן די אָפּעראציע אָן א גענוגער צוגרייטונג. איך ווייס, עס

טרעפנ אזוינע פאלנ, ווענ מע מוז שיקנ א באשטימטנ מיליטער־טייל אפ זיכערנ טויט לעשעמ דעמ אלגעמיינעמ ניצאכנ. אויב איר האט אינ זינענ גראד אזא פאל, וועל איך זיך אויך ניט אפשרעקנ און וועל קענענ אומקומענ צומ רומ פונעמ היימלאנד, ווי עס פאסט פאר א סאוועטישנ קריגער. אויב אבער מע דארפ זיגנ, ניט אומקומענ, מוז איך, אלס קאמאנדיר, וויסנ די מיליטערישע סיטואציע, איך מוז וויסנ דעמ גאנצנ סכומ מעגלעכקייטנ פונ מיינ טייל און איר טאקטישע אופ־גאבע אינ פארבינדונג מיט די אופגאבנ פונ אנדערע מיליטער־טיילנ פונעמ פראנט אדער פונ דער ארמיי.

וואטוטינ האט צופרידנ א שאקל געטאנ מיטנ קאפ. שטעווניעוו האט זיך צעשמייכלט, און ניקיטא סערגייעוויטש כרושטשאוו האט עטוואס אופגעהויבנ די האנט און געזאגט:

— אט דעמ דאזיקנ שיקט! גראד אימ שיקט! ער לייגט ניט. ער איז ניט קיינ בארימער. איך בינ דערפאר, אז אימ זאל מענ שיקנ.

די פראגע איז געווענ קלאר. אפלאזנדיק דעמ יונגנ פאדפאלקאוו־ניק, האט וואטוטינ מיט א ווייכקייט אינ דער שטימ צו אימ געזאגט:

— איר וועט גיינ קאמאנדעווענ מיט א בריגאדע צו ריבאלקאנ. דארט איז אייער ארט.

אט אזוי איז דאוויד דראגונסקי געווארנ קאמאנדיר פונ א בריגאדע פונ דער בארימטער גווארדייישער גרופע פונעמ גענעראל־לייטענאנט ריבאלקא.

דורכשניידנ דעמ בריק, וואס האט פאראייניקט דעמ לינקנ ברעג דניעפער מיטנ בוקרינער פלאצדארמ, איז אויך געווענ גענוג געפערלעך. ווענ דער נייער קאמבריג האט זיך אבער דערקליבנ צו זיינ טייל, האט ער פארשטאנענ, אז דער גענעמ אפנ בריק איז געווענ א שטילער האפנ אינ פארגלייך דערמיט, וואס ער האט דערזענ דא אפנ ארט. אפנ קליי־נעמ פלאצדארמ, וואס אפנ רעכטנ ברעג דניעפער, זיינענ די ארמיי־טיילנ, וועלכע זיינענ דא געווענ דיסלאצירט, אנ אופהער באשאסנ גע־

װאָרן פֿון דער יאַבאַשע און פֿונדערלױפֿטן מיט אַן אױפֿערגעװײנלעכ־
געדיכטן פֿײַער. ס'איז גאָר שװער געװען פֿאַרצושטעלן זיך, װיאַזױ
װעלן די טאַנקען קאָנען באַהערשן דעם אָנװאַלגער פֿון בערג און ריװן,
דעם געפּלאָנטער פֿון קוסטעס, דעם כאַאָס פֿון װעלדער און גריבער.
ניט אומזיסט האָט זיך דער גענעראַל ריבאַלקאָ נאָכדעם געכאָכמעט, אַז
געװיס האָבן אין דעם דאָזיקן אָרט געהוליעט גאַנגאָלס שײדים.

ריבאַלקאָ האָט באַגעגנט דראַגונסקין גאַנץ קאַלט. מיט אַ פֿאַרשנ־
דיקן בליק האָט ער אים אײנגאַנצן אַרומגעטאַפּט און געשטעלט בלױז
אײן־אײנציקע פֿראַגע:

— װײסט איר די יעסוידעס פֿון דער הײַנטצײַטיקער טאַנקען־
שלאַכט?

— יאָ, איך װײס.

— נעמט די בריגאַדע, װאַרט אָפּ אַ באַפֿעל.

דאָװיד האָט זיך געפֿילט געטראָפֿן, אָבער ער האָט זיך איבעריקס
ניט גענומען צום האַרצן. װײַזט אױס, אַז מע האָט אים געװאָלט זען
אין דער אַרבעט, אין שלאַכט. נו, איז װאָס זשע? גאַנץ ריכטיק.

די בריגאַדע, איבער װעלכער דראַגונסקי האָט איבערגענומען די
קאָמאַנדע, האָט זיך גערעכנט ניט פֿון די בעסטע בא ריבאַלקאָן, װע־
מענס מיליטער עס איז געראָד געװען באַרימט מיט זײַנע אױסגעצײכנטע
מאַרשן און אױסשליסלעכע מוסטערן פֿון אינדיװידועלן און קאָלעק־
טיװן העראָיזם. דראַגונסקי האָט באַזוכט זײַנע באַטאַליאָנען און איז
דאָך געבליבן צופֿרידן. די מענטשן פֿון דער בריגאַדע, האָט ער געזען,
זײַנען אַזעלכע, װאָס מע קאָן מיט זײ אױפֿטאָן װוּנדער. נו, גוט, מיר
װעלן נאָך אײנגיכן זען, װעלכער טאַנקען־טײל עס װעט בא ריבאַלקאָן
הײסן דער בעסטער. צװעלף טאַנקען זײַנען פֿאַרבליבן אין דער ברי־
גאַדע נאָך די אכזאָריעסדיקע שלאַכטן. צװעלף טאַנקען! ס'איז אװאַדע
זײער װײניק. אָבער מע האַלט דאָך מילכאָמע ניט בלױז מיט דער צאָל,
נאָר אױך מיט דער קענטשאַפֿט.

די אומשטענדן, בײַ װעלכע דראַגונסקי האָט זיך באַקענט מיט די מענטשן און מאַשינען, זײַנען קלאָר ניט געװען ענלעך צו דעם, װאָס מע רופֿט אין דער אַרמײ: „איבערנעמען און איבערגעבן די אײניקײַטן". דער קאָמבריג איז געגאַנגען פֿון באַטאַליאָן צו באַטאַליאָן דורך די פּאָזיציעס, און אָפֿטער ניט געגאַנגען, נאָר געפּױזעט, און אַרום האָט געבושעװעט אַ בלײַענע זאַװערוכע.

אָבער גראָד דאָס איז אױך געװען די גוטע זײַט פֿון דער זאַך. די אָפֿיצערן און קריגער פֿון דער בריגאַדע האָבן גלײַך באַקומען די מעגלעכקײט צו דערזען און אָפּשאַצן די שרעקלאָזיקײט פֿון זײער קאָמאַנדיר, זײַן שאַרף אױג, זײַן אונטערנעמערישקײט, זײַנע האַרבע פֿאָדערונגען, זײַן פֿרײלעכן כאַראַקטער, זײַן ליבעפֿולע באַציִונג צו דער אַרבעט און צו די מענטשן.

עס איז פֿאָרגעשטאַנען דורכצומאַכן אײנע פֿון יענע שלאַכט־אָפּעראַציעס, װאָס זײַנען געװאָרן אַ מוסטער פֿון מיליטערישער מײַסטערשאַפֿט פֿון דער קאָמאַנדשאַפֿט. דערצו האָט מען געמוזט אַבסאָלוט געהײם אַרױספֿירן גרױסע טאַנקען־טײלן פֿונעם בוקרינער פּלאַצדאַרם און אַריבערװאַרפֿן זײ אױף אַ נײַעם פּלאַצדאַרם צאָפּנדיקער פֿון קיִעװ, אין אַ געגנט, װאָס איז גלאַט װי אַ טעלער, און דערבײַ דורכמאַכן דאָס אַזױ, אַז דער סוינע זאָל גאָרניט באַמערקן. די ראָליע פֿון ריבאַלקאָס טאַנקען־גרופּע, װאָס האָט מיט עמלעכע װאָכן צוריק די ערשטע פֿאָרסירט דעם דניעפּער, האָט, לױטן באַשלוס פֿון דער פֿראָנט־קאָמאַנדשאַפֿט, אױך אַצינד געזאָלט װערן די צענטראַלע און אַנטשײדנדיקע. ריבאַלקאָס דורכבראָך האָט געדאַרפֿט פּאַראַליזירן די דײַטשישע באַשיצונג פֿון קיִעװ, און דאָס אַרױסגײן פֿון זײַנע טאַנקען־טײלן אױף פֿאַסטאָװ — װאַסילקאָװ װאָלט שױן אַזױ גוט װי געהײסן, אַז דער סוינע איז אַרומגערינגלט און צעגראָמירט.

די טאַנקען־טײלן האָבן אָנגעהױבן זײער מאַרש איבער דער בריק. די מאַרשן זײַנען פֿאָרגעקומען נאָר בײַנאַכט. אַבסאָלוט אָן שײַן. די

ראַדיאָ־סטאַנציעס האָבן, כּדי צו פֿאַרפֿירן דעם סוינע, איבערגעגעבן אין עפּיר פֿאַלשע ידיעות, וואָס האָבן געזאָלט דערוויזן, אַז דאָס מי־ליטער פֿאַרבלײַבט אפֿן אָרט. עס זײַנען אויסגעבויט געוואָרן פֿאַלשע פֿײַער־פּאָזיציעס. אַנשטאָט די שלאַכט־מאַשינעס, וואָס זײַנען אַוועק אפֿן נײַעם פּלאַצדאַרם, האָט מען אפֿן אַלטן אָרט איבערגעלאָזן מאַ־קעטן פֿון טאַנקען, געמאַכט פֿון האָלץ און ערד.

די אַבסאָליוטע געהיימעניש, די שטרענגע מאַרש־אָרדענונג און דער נעפּלדיקער וועטער האָבן געגעבן אַ מעגלעכקײַט אויסצופֿילן די אויפֿגאַבע: די קאָלאָסאַלע מאַסע מיליטער איז אַריבערגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון איין פּלאַצדאַרם אפֿן אַנדערן, ניט האָבנדיק דערבײַ אַרויס־גערופֿן דעם מינדסטן פֿאַרדאַכט בײַ דעם סוינע. דעם 2 נאָיאַבער בײַ־נאַכט איז שוין געווען פֿאַרטיק אַ נײַע בריק אין דער אומגעגנט פֿון סוואַראָמיע, און די טאַנקען־גרופּע האָט זיך גענומען אַריבערקלײַבן אפֿן נײַעם פּלאַצדאַרם. אינדערפֿרי פֿלעגט מען די בריק צענעמען, און צו דער נאַכט ווידער זי אויפֿשטעלן. אין אַ קורצער צײַט האָט ריי־באַלקאָס טאַנקען־גרופּע פֿאַרנומען נײַע אויסגאַנג־פּאָזיציעס.

די אַרטילערישע קאַנאָנאַדע האָט אָנגעזאָגט דעם אָנהייב פֿונעם אָנ־גריף. די דײַטשן האָבן זיך מיט גרויס פֿאַרביטערונג געווערט, אָבער די שאַרף פֿון דער טאַנקען־גרופּע, וואָס האָט זיך דורכגעריסן צו פֿור־שטשע־וואָדיצאַ, האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין סאַמע האַרץ פֿון דעם סוינעס שוץ־ליניעס.

דעם 4 נאָיאַבער אָבער האָט ריבאַלקאָ אָפּגעגעבן אַ באַפֿעל די טאַנ־קען אַריבעריאָגן די אינפֿאַנטעריע, איידער זי וועט זיך דורכרײַסן אין דער טאַקטישער טיף. אויפֿגעריסן די נײַע דײַטשישע שוץ־ליניע, האָט דראַגונסקיס בריגאַדע אַריבערגעיאָגט אַלע אַנדערע בריגאַדעס. דעם 5 נאָיאַבער אינדערפֿרי איז שוין ריבאַלקאָס טאַנקען־גרופּע געווען אפֿן שאָסיי גאָסטאָמעל — קיִעוו, האָט אין אַ ברייטן פֿראָנט אַרומגעכאַפּט די הויפּטשטאָט פֿון אוקראַיִנע. און דראַגונסקי האָט מיט די ערשטע

דרײַ טאנקען זיך אַרײַנגעריסן קיין סוויאטאָשינאָ און איז אזויארום ארויסגעשפרונגען מײַרעוודיקער פון קיִעוו.

דער זשיטאָמירער שאָסיי איז שוין בא די דײַטשן געווען אָפּגענומען. דראגונסקי און גאָלאָוואטשאָוו, דער קאָמאנדיר פון דער שכײַנעסדיקער אינפאנטעריע־בריגאדע, האָבן שנעל אָרגאניזירט די רונג־באשיצונג, האָבנדיק צונויפגעקליבן צוליב דעם דאָזיקן צוועק אַלע „פארבלאָנדזשעטע" טאנקען און הארמאטן פון אנדערע בריגאדעס. די אופגאבע איז געלייזט געוואָרן, און דאָס שמאָלע העלדזל, דורך וועלכן דער סוינע האָט געהאט די מעגלעכקײַט אָפּצומרעטן אַף זשיטאָמיר, איז פעסט פארפּראָפּט געוואָרן, נאָך איידער עס זײַנען אונטערגעקומען די הויפּט־קרעפטן פון דער ארמיי.

שפּעטער האָט זיך דאָוויד דערוווסט, אַז ס'איז אָנגעקומען וואטוטינס א טעלעגראפישער באפעל וועגן באלוינען אים, דראגונסקין, מיט אַן אָרדען פון דער „רויטער פאָן".

ס'איז אָבער ניט געווען קיין צײַט צו פרייען זיך: ריבאלקאָ האָט געיאָגט זײַנע מיליטער אַף פאסטאָוו און וואסילקאָוו. אויספילנדיק די דאָזיקע אופגאבע, האָט דראגונסקיס בריגאדע אין א שנעלן מארש זיך געלאָזט אַף מײַרעוו. דערנענטערנדיק זיך צו דער סטאנציע זשוליאני, איז דער קאָמבריג געבליבן א דערשטוינטער, ווען ער האָט דערהערט, אַז עס קאָכט שוין דאָ די שלאכט. ווער זשע איז עס געקומען פאַר אים? ווי אנציקט איז ער אָבער געווען, ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז דאָס ווערן די דײַטשן געשלאָגן דורך די קיִעווער פארטיזאנער, וועלכע האָבן זיך א לאָז געטאָן צו הילף די רעגולערע טיילן פון דער רויטער ארמיי. דעם סוינעס קרעפטן, וואָס זײַנען געווען אין זשוליאני, זײַנען צעגראָמירט געוואָרן מיט די געמיינזאמע קויכעס פון די טאנקיסטן און פארטיזאנער.

דעם 6 נאָיאבער פארנאכט־צו האָבן דראגונסקיס באטאליאָנען צוזאמען מיט די באטאליאָנען פון דער שכײַנעסדיקער בריגאדע פונעמ

בארימטן פאָלקאָוניק טשוגונקאָוו זיך אַרײַנגעריסן מיט שלאַכט אין וואַסילקאָוו, בײַם די אַנדערע טײלן פֿון ריבאַלקאָס גרופּע האָבן (פּונקט אין דער זעלבער שאָ!) געצומען פּאַסטאָוו.

לויטן באַפֿעל פֿונעם אויבער־הויפּטקאָמאַנדיר מאַרשאַל סטאַלין, האָט דראַגונסקים בריגאַדע באַקומען דעם נאָמען וואַסילקאָווער.

נאָך דעם, ווי די בריגאַדע האָט באַקומען פֿרישע קויכעס, האָט זי אָנגעהויבן איר בארימטן מאַרש אָפּ פּאַוואָלאָטש. און דאָס איז עס טאַקע געווען די שלאַכט־אויפֿגאַבע, וואָס עס האָט געהאַט אינזינען די פֿראָנט־קאָמאַנדשאַפֿט, ווען זי האָט אַרויסגערופֿן צו זיך דראַגונסקין.

8

**א**ין דעם דאָזיקן טאָג איז די פֿײַערונג פֿונעם 26־יאָריקן יובילײ פֿון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע צונויפֿגעפֿאַלן מיט דער גוואַלדיקער פֿרייד פֿון דער באַפֿרײַונג פֿון קיִעוו, פּאַסטאָוו און וואַסילקאָוו. עס זײַנען אָבער ניט געהאַלטן געוואָרן קיין רעדעס און ניט געהויבן געוואָרן קיין טאָסטן. מע האָט געמוזט אַנטוויקלען דעם דערפֿאָלג און פֿאַרפֿעסטיקן דאָס דעראָבערטע.

אין די לעצטע פֿאַראָרדענונגען, וואָס דראַגונסקי האָט באַקומען פֿון דער קאָמאַנדשאַפֿט, האָט ער בעפֿיירעריש געפֿילט דעם אַבסאָלוטן צו־טרוי צו אים. ער האָט געשפּירט די פֿרייד פֿונעם פֿאַרשטייענדיקן מאַרש אין דײַטשישן הינטערלאַנד, ווי קאָמפּליצירט און שווער דער דאָזיקער מאַרש זאָל ניט זײַן. עס איז פֿאָרגעשטאַנען דורכצומאַכן 75 קילאָ־מעטער, אַרײַנשנײַדנדיק זיך טיף אין דער דיסלאָקאַציע פֿונעם סוינע, און דערבײַ, ווי ווײַט מעגלעך, ניט אָנקניפּן קיין גרויסע שלאַכטן מיט די היטלעריסטן. די אויפֿגאַבע איז געווען — אומגעריכט פֿאַרן סוינע פֿאַרכאַפּן פּאַוואָלאָטש, אויסשפּירן דעם ווײַטערדיקן וועג אָפּ וועטשע־רײַישע און איבערשנײַדן די קאָמוניקאַציעס פֿון די דײַטשן, שטערנדיק

זיי אריבערצוווארפנ זייערע רעזערווונ אפ פאסטאָוו אונ קיִעוו. די טאנקענ־גרופּע האָט געזאָלט אינ עטלעכע טעג ארומ „אָניאָגנ“ די בריגאדע.

ווענ דראגונסקי האָט דערקלערט די אופגאבע די קאָמאנדירנ פונ די באטאליאָנענ, האָט ער דערזענ, אז זיי זײַנענ ארומגעכאפּט מיט דעמ זעלבנ ענטוזיאזמ, וואָס ער. דער טעמפּעראמענטפולער פּאָדפּאָלקאָווניק איז געווענ דערפונ גוואלדיק צופרידנ. מע האָט אָבער געמוזט שטיצנ דעמ ענטוזיאזמ מיט א ניכטערנ כעזשבנ אונ א זאָרגזאמער צוגרייטונג צומ מארש. פאר עטלעכע שאָ האָט דער אָפיצערנ־באשטאנד פונ דער בריגאדע דורכגעפירט אלע נייטיקע צוגרייטונגענ, אונ דער רעיד האָט זיכ אָנגעהויבנ.

ס'איז געווענ א קאלטער, וואָלקנדיקער הארבסט־טאָג, אונ דאָס האָט געגעבנ די מעגלעכקײַט צו באוועגנ זיכ' לײַכט אונ שנעל. אפנ אויסגעצייכנטנ שאָסיי־וועג זײַנענ די קילאָמעטערס שנעל געפלויגנ אפ צוריק, דורכלאָזנדיק פאָרויס דאָס מיליטער, וואָס האָט אײַליק געמארשירט אפ מײַרעוו. גאנצ גיכ איז אָבער אויסגעקומענ צו פארלאָזנ דעמ מאגיסטראל־וועג.

די אויסשפּיר־גרופּעס, וואָס זײַנענ געגאנגענ אינ שפּיצ פונ דער קאָלאָנע, האָבנ באמערקט, אז דער בריגאדע אנטקעגנ באוועגט זיכ א קליינער דײַטשישער אָטריאד. מע האָט שנעל ארויסגעשטעלט פונ פאָרנט לויער־גרופּעס, ארומגערינגלט די היטלערישע יונגענ, אונ זיי האָבנ אלע גאנצ האכנאָעדיק אופגעהויבנ די הענט אינ דער הייכ, אפילע ניט געפּרווט זיכ צו שטעלנ א ווידערשטאנד.

אָבער אָט די מאזלדיקע באגעגעניש האָט געהאט אינ זיכ פארבאָרגנ א גאנצ אומאָנגענעמע זאכ. דער געפאנגענער אָטריאד איז געווענ בלויז אנ אויסשפּיר־גרופּע פונ דער 25־טער דײַטשישער טאנקענ־דיוויזיע, וועלכע איז אריבערגעוואָרפנ געוואָרנ פונ לאמאנש אפנ מיזרעכ־פראָנט. די דיוויזיע האָט זיכ אויסגעלאָדנ אינ בערדיטשעוו אונ

האָט זיך באַוועגט מיטן שאָסײַ־וועג צו קיעוו, ניט ווײַסנדיק, אַז די אוקראַינישע הויפּטשטאָט איז שוין פאַרנומען פון סאָוועטישן מיליטער.

עמעס, ס׳איז גראָד אָנגענעם געווען צו דערוויסן זיך, אַז דער סוינע איז געצוווּנגען אַלץ מער אַנטבלויזן דעם פראָנט בײַ קאַלע, קעדײַ כאָטש ווײַפּל־ניט־איז פאַרבײַטן די טײלן, וואָס ריבאַלקאָס טאַנקען־גרופּע האָט זיי צעגראָמירט, אָבער אַרײַנטרעטן אין שלאַכט מיט דער טאַנקען־דיוויזיע. האָט די בריגאַדע קלאָר ניט געהאַט בעדײַע: זי האָט געהאַט אַן אַנדער אויפגאַבע, וואָס זי האָט געמוזט אויספּילן.

דראַגונסקי האָט שנעל אַוועקגעשיקט אַ מענטשן צו ריבאַלקאָן און טייקעף אָנגענומען אַ באַשלוס אָפּצוקערעווען פונעם מאַגיסטראַל־שאָסײ און פאַרזעצן דעם מאַרש אויף פּאַוואָלאָטש מיטן שליאַך, וואָס האָט זיך געצויגן פּאַראַלעל צום שאָסײ עטלעכע קילאָמעטער אין אַ זײַט.

דער כעזשבן האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ ריכטיקן. דער געוויש פון די אייגענע מאָטאָרן און די זאָרגלאָזיקייט פון די דײַטשן, וואָס האָבן ניט געוווּסט וועגן דער לאַגע אין קיעוו, האָט געבראַכט דערצו, אַז זיי האָבן גאָר ניט באַמערקט די גרויסע רוסישע טאַנקען־קאָלאָנע, וועלכע האָט בוכשטעבלעך פאַר זיי אין די אויגן זיך דורכגעשלײַכט צו זייער טיפן הינטערלאַנד. די קריגער פון דער בריגאַדע זײַנען געווען גרייט צו אַלץ, און זיי וואָלטן אויפגענומען אַ שלאַכט אַפילע מיט דער גאַנצער דײַטשישער אַרמיי. די גאַנצע בריגאַדע, פון סאָלדאַט ביזן קאָמאַנדיר, איז געווען זייער אויפגעלייגט און צופרידן פונעם אײַנפאַל, וויאַזוי מע האָט איבערגעכיטרעוועט די דײַטשן. די אויספירער האָבן געלאָזט וויסן דראַגונסקין, אַז דעם סוינעס הויפּט־קרעפטן זײַנען דורכגעגאַנגען, אָבער אַ קילאָמעטער פינף—זעקס ווײַטער באַוועגט זיך דער לעצטער אָטריאַד דײַטשן, וואָס איז אָפּגעשטאַנען פון דער דיוויזיע. עס גייט אַ גרויסע קאָלאָנע אויטאָמאַשינעס מיט שלאַכט־מאַטעריאַלן און אינפאַנטעריע, אָבער אָן טאַנקען.

אַט דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. א ווזוואָד טאַנקען 34 — T האָט זיך, לויט דראַגונסקיס באַפעל, אַרויסגעריסן פאָרויס, איז ווידער אַריבער אַפן שאָסיי־וועג און האָט אין שנעלן גאַנג זיך אַרײַנגעשניטן אין דער דײַטשישער קאָלאָנע. דרײַ הונדערט דײַטשישע פּראַכט־אווטאָ־מאָבילן, צעקלאַפּטע אַפּ פּיצ־פּיצלעך, זײַנען גלײַך „איבערדיסלאָצירט" געוואָרן אין די קאַנאַוועס און ריוון באַ־די זײַטן פון שאָסיי. דאָס טראָ־פיי־געווער איז גוט צוניץ געקומען דער בריגאַדע. אַרום און אַרום האָבן זיך געוואַלגערט קופּעס טויטע דײַטשן. 400 געפאַנגענע האָבן פאַרנו־מען זייער קאָשער פאַרדינטן פּלאַץ צווישן דעם צאַם פון רוסישע באַנ־נעטן. עס איז געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט דער גאַנצער שטאַב פונעם 146־טן גרענאַדיר־פּאָלק פון דער 25־טער דײַטשישער טאַנקען־דיוויזיע.

דעם 8 נאָיאַבער 10 אַזייגער אינדערפרי איז דראַגונסקיס בריגאַדע אַרײַנגעטראָטן אין פּאַוואָלאָטש. דער טריבער האַרבסט־טאָג האָט זיך פּלוצעם צעשײַנט מיט אַלע פאַרבן פון זוניקן יאָמטעוו. די אײַנוווי־נער זײַנען געווען אַזוי איבעראַשט, אַז זיי האָבן קוים געגלייבט די אייגענע אויגן. ווען זיי האָבן זיך אָבער איבערצײַגט, אַז ס'איז ניט קיין חלום, האָבן זיי אַ שפּאָר אַרויס געטאָן אין די גאַסן, און אַ שטראָם מיט פרייד האָט פאַרפלייצט די שטאָט. זיי האָבן זיך געכאַפּט קושן מיט די קריגער פון דער בריגאַדע, מע האָט זיי אַרויסגעטראָגן ברויט מיט זאַלץ, מע האָט זיי פאַרשאָטן מיט פעלד־בלומען. אַפן שטאָט־פּלאַץ איז פאָרגעקומען אַ פײַערלעכער מיטינג.

עס האָבן זיך באַוויזן האַרמאָשקעס, אַקאָרדיאָנען, בלומען, פאָנען. כטיכיש איז אויסגעבראָכן אַ געזאַנג און מ'איז אַוועק אַ טאַנץ. דער יאָמטעוו איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער.

דראַגונסקי האָט ניט געשטערט דעם אוילעם זיך מעסאַמייעך זײַן אָבער אין דער זעלבער צײַט איז ער געווען אַפּ דער וואַך, האָט אָרגאַ־ניזירט די רונג־באַשיצונג פון דער שטאָט, אײַנגעשטעלט האַרמאַטן

אפּ די הויכ־פּונקטן פון צאָפּנ־זײַט, פון מיזרעוו־זײַט און פון דאָרעמ־מיזרעכ און ארויסגעשיקט אינ אלע ריכטונגענ אויסשפּיר־גרופּעס.

צומאָרגנס האָבנ צו דראגונסקינ געקומענ גיינ פרישע קויכעס. אלע אײַנוווינער פון פּאווואָלאָטש, וואָס קאָנענ נאָר טראָגנ געווער, און אויכ די אײַנוווינער פון די ארומיקע שטעט און דערפלעכ — ארבעטער, פּויערימ, אינטעליגענטנ, — האָבנ זיכ געמאָלדנ צו דראגונסקינ. נאָכ האלבנ טאָג זײַנענ אויכ אָנגעקומענ די פּארטיזאנער פון באקס און דאָראָשעס פּארטיזאנישע אָטריאדנ, וועלכע האָבנ פון לאנג שוינ אָפּגעווירט אינ דער אומגעגנט. די אלע קויכעס זײַנענ שנעל פאנאנדערגעשטעלט געוואָרנ, און יעדער האָט באקומענ זײַנ אופגאבע.

ס'איז גראָד אוועק א שטארקער רעגנ, וועלכער האָט געשטערט צו פירנ די אויסשפּיר־ארבעט, נאָר דאָכ האָט זיכ אײַנגעגעבנ צו דער־וויסנ זיכ, אז אפּ צוויי שאָסיי־וועגנ מארשירנ אפּ מיזרעכ קאָלאָנעס דײַטשישע טאנקענ און ארטילעריע און אפּ די סטאנציעס ווטשערײַשע און פּאָפּעלניע שטייענ עשעלאָנענ מיט מיליטער און ברענשטאָפּ. אלזאָ, מע קאָנ צוטרעטנ צו דער ארבעט.

דראגונסקי האָט אוועקגעשיקט עטלעכע גרופּעס טאנקיסטנ און פּארטיזאנער אינ פארשיידענע ריכטונגענ, און מאמעש באמ סוינע אפּ די אויגנ האָבנ אָנגעהויבנ פליִענ אינדערלופטנ בריקנ און רעלסנ, וואסער־פּאָמפּעס און דער אספאלט פון שאָסיי־וועג. אפּ א ראדיִוס פון 15 קילאָמעטער ארומ פּאווואָלאָטש איז פארניכטעט געוואָרנ ביז איינ בריק, פּאראליזירט געוואָרנ דער אײַזנבאנ־פארקער און דאָס האָט פארשווערט די דײַטשנ אריבערצופירנ רעזערווג פון מענטשנ און ברענשטאָפּ. אפּ די וועגנ האָבנ געלויערט דראגונסקיס טאנקיסטנ און פּארטיזאנער. אלע אײַנוווינער פון די דערפער זײַנענ געוואָרנ פרײַוויליקע אויסשפּירער בא דער בריגאדע, און זיי פלעגנ ברענגענ דעמ קאָמאנדיר ווערטפולע ידיִעס.

דאָס אלצ האָט באוויזנ, אז די בריגאדע האָט מיט דערפאָלג אויס־

געפילט די אופגאבן, וואָס זײַנען געשטעלט געוואָרן דורך דער פראָנט־קאָמאנדשאפט. ווי לאנג קאָן מען אָבער מילכאָמע האלטן 75 קילאָמעטער ווײַט פון דער פראָנט־ליניע? ריבאלקאָס גרופּע האָט געהאלטן אין אָפּשלאָגן די דײַטשישע קאָנטר־אטאקעס בא פאסטאָוו, און אייגענע שלאכט־מאטעריאלן מיט ברענשטאָף האָט די בריגאדע פארמאָגט ווייניק, זי זאָל קאָנען א דויערנדיקע צײַט שטיין אין באשיצונג.

דעם 11 נאָיאבער האָט מען־דראגונסקין מיטגעטיילט, אז די דײַטשן רינגלען ארום די שטאָט.

— נו, מיילע, — האָט דאָוויד פריילעך געזאָגט צו זײַנע שטאב־אָפיצערן, — דערמיט וועלן מיר נאָר אָפּציִען אַפ זיך היפּשע קרעפטן פונעם סוינע, וועלכע האָבן שוין אצינד געקערט שטיין בא פאסטאָוו. וואטוטין ווייסט וועגן אונדז, ריבאלקאָ ווייסט אויך די לאגע, דאָס גאנצע לאנד קוקט אַפ אונדז. זאָגט די קריגער, זיי זאָלן זיך שלאָגן ווי די לייבן.

די ערשטע דײַטשישע אטאקע, וואָס איז געווען א מין פּרווו, האָט די בריגאדע לײַכט אָפּגעשלאָגן. זיך איבערצײַגט, אז מיט די הוילע הענט וועסטו אים ניט נעמען, דעם דרייסטן פאוואָלאָטשער גארניזאָן, האָבן די היטלעריסטן געלאָזט אין גאנג אוויאציע. קיין פארלוסטן האָט די בריגאדע ניט געהאט. עס האָט אָבער געליטן בייסן אָנפלי דאָס סאָמע טײַערסטע מיטל פון פארבינדונג: די ראדיאָ־סטאנציע.

דעם 12 נאָיאבער זײַנען די דײַטשן ווידער געגאנגען אין אטאקע און ווידער אָן שום רעזולטאט. אָבער די לופט־אטאקעס זײַנען געוואָרן ווייער אָפטע און האָבן שוין אצינד געבראכט ניט ווייניק שאָדן. דאן איז צו דראגונסקין ארויפגעקומען דאָראָש און האָט אים געמאכט א פאָרשלאָג, ער זאָל טיילן די בריגאדע אַפ קליינע גרופּעס, דורכרײַסן זיך דורך דער ארומרינגלונג און אָנהייבן קעגן די דײַטשן צו פירן פּארטיזאנישע אָפּעראציעס.

דאָוויד האָט א דערשטוינטער אים אָנגעקוקט און געענטפערט:

— דער דאָזיקער נומער וועט דאָ ניט דורכגיינ. מיר זײַנענ א רעגולערער מיליטער־טייל. מיר וועלנ שטאַרבנ, אָבער אָנ א באַפעל וועלנ מיר פאָוואָלאָטש ניט פאַרלאָזנ.

— רעכט, ניט פאַרלאָזנ פאָוואָלאָטש! — האָט דאַראַש אָפּגעענט־פערט, אויסציִענדיק זיכ ווי א סאָלדאַט.

— נו, אָט אזוי, פאַרשטייט איר, אונדזערע אָפּעראַציעס האָבנ זיכ ערשט אָנגעהויבנ, און מיר וועלנ נאָכ באַווײַזנ די דײַטשנ, וואָס מיר קאָנענ.

— רעכט, מיר וועלנ נאָכ באַווײַזנ די דײַטשנ, וואָס מיר קאָנענ! — האָט דאַראַש איבערגעכאַזערט.

דעמ 13 נאָיאַבער האָט זיכ דראַגונסקי דערוווּסט, אז די דײַטשנ שטעלנ קעגנ אימ ארויס א מעכטיקע טאַנקענ־גרופּע. דער קאָמבריג האָט ווידער באַזוכט די גאַנצע שוץ־ליניע און איז געבליבנ צופרידנ — דער גאַרניזאָנ איז געווענ אינ פולער שלאַכט־גרייטקייט.

די אַרטילעריע־קאָנאָנאַדע האָט געלאָזט וויסנ, אז די דײַטשנ האָבנ אָנגעהויבנ זייער אָנגריפ אפ פאָוואָלאָטש. די פּאָזיציעס פונ דער סאָ־וועטישער שוץ זײַנענ געווענ זייער גינסטיקע, און דערצו נאָכ האָבנ די רעגנס פאַרוואַנדלט אלע צופירונג־וועגנ צו דער שטאָט אינ א מוי־רעדיקער בלאָטע. זעקס מאָל האָבנ די דײַטשנ אטאַקירט פאָוואָלאָטש פונ מײַרעוו און פונ דאָרעמ־מיזרעכ און האָבנ זיכ יעדעס מאָל אָפּגע־קײַקלט אפ צוריק מיט גרויסע פאַרלוסטנ אינ מענטשנ און טעכניק.

פאַר דראַגונסקינ איז אָבער געווענ קלאָר, אז די דאָזיקע אטאַקעס האָבנ בלויז דעמ ציל — בינדנ די קרעפטנ זײַנע. דעמ הויפּט־קלאַפּ זייערנ האָבנ די דײַטשנ געגרייט פונ צאָפנ־זײַט. 39 שווערע פאַנצער־מאַשינעס מיט האַרמאַטנ, פיר טאַנקענ און צוויי באַטאַליאָנענ אינ־פאַנטעריע זײַנענ צוגעגאַנגענ 2 קילאָמעטער פונ דער שטאָט. דראַ־גונסקי האָט צעשטעלט עטלעכע טאַנקענ אינ די טיפע ריוונ, פאַר־

שטארקט די ארטילעריע און מיט א כעזשבן אויסגעשטעלט די מינענ־
ווארפער־באטארייעס.

מער ווארטן האָט מען ניט געטאָרט. דאָס איז נאָך געווען געפער־
לעכער ווי אָנגרײַפן. קריגס־מאטעריאלן האָט די בריגאדע פארמאָגט
ווייניק, ווארטן אפ הילף איז געווען אומזיסט.

אָט פארוואָס דער קאָמבריג דראגונסקי האָט אָפּגעגעבן א באפעל
צו שטורעמען דאָס געזאמל פונעם סוינעס מיליטער. די מינענווארפער
און די הארמאטן האָבן געעפנט א שטארקן פײַער איבערן סוינע, די
טאנקען האָבן, שיסנדיק אין אלע זײַטן, זיך א וואָרף געטאָן פּאָרויס.
פארן סוינע איז די דאָזיקע קאָנטר־אטאקע געווען אן אומגעריכטע,
און ער איז ארײַנגעפאלן אין פאניק. די דײַטשן האָבן געפּרווט אויס־
קערעווען די שווערע פאנצער־אווטאָס צוריק, אָבער די רעדער זײַנען
געבליבן שטעקן אין קויט. דאן האָבן די היטלעריסטן גענומען שפּרינ־
גען פון די מאשינעס, איבערלאָזנדיק אלץ אפ גאָטס באראָט. אָבער
זייער גוירל איז שוין געווען אין די הענט פון די רוסישע סאָלדאטן.
זעענדיק דעם דערפאָלג פון דער אטאקע, האָט דראגונסקי א וואָרף גע־
טאָן אין שלאכט די אינפאנטעריע און די פארטיזאנער. די דײַטשן
האָבן זיך געלאָזט לויפן.

די בריגאדע האָט דאן גענומען אלס טראָפייען 34 שווערע דײַטשי־
שע פאנצער־אווטאָס, 2 טאנקען און א מינענווארפער־באטארייע. דער
וועג איז אָפּגעריייניקט געוואָרן.

די קריגער און אָפיצערן פון דער בריגאדע האָבן פּאָשעט געיובלט.
בעעמעס, א הײַפעלע סאָוועטישע טאנקיסטן און פארטיזאנער האָבן
צעקלאפּט א גרויסן מעכאניזירטן אָטריאד דײַטשן. די באלאגערונג פון
דער שטאָט איז דורכגעפאלן. ס׳איז פאר אלעמען קלאָר געוואָרן, וואָס
פאר א ראָליע עס האָט געשפּילט דער פּאָוואָלאָטשער גארניזאָן דער־
מיט, וואָס ער האָט אפ זיך אופגענומען אזא גרויסע צאָל פײַנטלעכע
קרעפטן.

דראגונסקי האָט באַקומען די מעגלעכקייט אוועקצוגיין פון שטאַט מיטן צאָפנדיקן וועג, וועלכער איז שוין איצטער געווען אין זיין רעשוס. ער האָט אָבער אָן דעם באַפעל פון דער קאָמאַנדירשאַפט ניט געמאַכט קיין שריט דערצו.

די דייטשן האָבן זיך פאַרטייעט, נאָר, ווי ס׳ווייזט אויס, האָבן זיי זיך געגרייט צו אַן אַנטשיידנדיקער אָפּעראַציע. דראַגונסקי האָט פאַרשטאַרקט די אויסשפּיר־טעטיקייט, קעדיי צו דערגיין דעם סוינעס פּלענער און אויך קעדיי אויסקלאָרן, אין וואָס פאַר אַ ריכטונג סע קוינט גים מער דורכצושלאָגן זיך. און גאָר אומדערוואַרט איז אים פון הימל, טאַקע פּאַשעט פון הימל, אַראָפּגעפאַלן דער ענטפער אויף דער פראַגע, דער ענטפער, וועלכן ער האָט געזוכט.

אַרבעטנדיק איבערן פּלאַן פון דער אָפּעראַציע בא זיך אין שטאַב, האָט דאָוויד פּלוצעם דערהערט אונטערן פענצטער פריידיקע, היספּייעלעסדיקע אויסגעשרייען. דער קאָמבריג איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן, מיינענדיק, אַז דאָס קומט שוין אָן ריבאַלקאָס מיליטער. אָבער אַנשטאָט דעם גערודער פון טאַנקען האָט ער פּלוצעם דערהערט איבער זיך דעם כאַראַקטעריסטישן מאָטאָר־געוויש פון דער באַרימטער „רוס־פאַניער", פון דעם „לופט־קיניג", דעם „גאָרטן־קריכער", דעם „קרויט־פרעסער", — בעקיצער, פונעם אַעראָפּלאַן У — 2, וועלכער איז אַזוי באַרימט און באַליבט געוואָרן אין דער אַרמיי מיט זיין איינפאַכקייט און טאַקטישע איינפאַלן. אָט דער העראָישער, פּאַשעטער אַעראָפּלאַן У—2, איבער וועלכן מע האָט אין דער אַרמיי אַזויפיל זיך געוויצלט און וועלכן מע האָט אין דער זעלבער צייט אַזוי ליב געהאַט, האָט זיך אַדורכגעריסן צו פּאַוואָלאָטש דורך דער פראָנט־ליניע, ריזיקירנדיק אומצוקומען פונעם קלענסטן סנאַריאַד אָדער פון אַ „מעסערשמידט", אָדער אַפילע פון אַ פּאַשעטער דייטשישער ביקס.

דער אַעראָפּלאַן האָט ניט געפונען ווו צו זעצן זיך אונטער דער שטאָט, מאַכמעס די שטאָט איז געווען אַרומגערינגלט מיט היטלע-

רישע טײלן. און דאָ טאַקע האָט זיך אַרויסגעוויזן זײַן גלענצנדיקע מײַלע לעגאַבע אַלע אַנדערע מינים אַעראָפּלאַנען. דער באַרימטער „לופֿט־קיניג" האָט זיך פּראָסט־פּאָשעט אַראָפּגעזעצט אויפֿן פּאַוואָלאַטשער שטאָט־פּלאַץ, וואָס איז די גרייס ווי אַ פּיטאַק און איז אַרומגערינגלט פֿון אַלע זײַטן מיט הײַזער.

מע האָט דעם פּליִער אַוועקגעפֿירט צו דראַגונסקין.

— פֿון ריבאַלקאָן! — האָט אַ זאָג געטאָן דער מידער אַעראָנאַווט, אויסשטרעקנדיק דראַגונסקין אַ פּאַקעט.

דאָס איז געווען אַ באַפֿעל פֿון ריבאַלקאָן צו פֿאַרלאָזן פּאַוואָלאַטש, דערבײַ איז פּינקטלעך אָנגעוויזן געוואָרן, מיט וואָס פֿאַר אַ וועג מע דאַרף אַוועקגיין. ריבאַלקאָ האָט באַקומען אַ ראַפּאָרט, וואָס איז איבערגעכאַפּט געוואָרן בײַ אַ דײַטשישן פּליִער, אַ ראַפּאָרט, וואָס האָט אַנטהאַלטן דעם פּלאַן פֿון אַרומרינגלען פּאַוואָלאַטש. אויפֿן צאָפֿנדיקן וועג האָבן די דײַטשן צוגעגרייט פֿאַר דראַגונסקין אַ פּאַסטקע, און אָט וועגן דעם טאַקע האָט דער גענעראַל געלאָזט וויסן זײַן קאָמבריג. גראַטולירנדיק דראַגונסקין מיטן גלענצנדיקן אויספֿילן די אויפֿגאַבע, האָט אים ריבאַלקאָ באַפֿוילן צוהײַלן זיך און אים געווינטשן דערפֿאָלג, ער זאָל וואָס גיכער זיך פֿאַרייניקן מיט די הויפּט־קרעפֿטן.

די בריגאַדע האָט זיך גענומען גרייטן אַרויסצוטרעטן פֿון שטאָט.

דער דורכבראָך איז באַשטימט געוואָרן אויף בײַנאַכט. די באַטאַליאָנען האָבן זיך צוגעגרייט אַזוי, ווי זאָלן זיך קענען גלײַכצײַטיק רירן פֿונעם אָרט און פֿאַרייניקן זיך אין איין קאָלאָנע. די אויסשפּירער האָבן מיטגעטיילט, אַז די דײַטשישע טײלן, וואָס האָבן באַלאַגערט די שטאָט, ווײַזן ניט אַרויס קיין איבעריקע אַקטיווקייט. דער וועג, מיט וועלכן מע האָט געדאַרפֿט גיין, איז אויסגעשפּירט געוואָרן מיט דער מאַקסימאַלער גענויקייט. די הויפּט־שוועריקייט איז באַשטאַנען דערין, וואָס מע האָט געמוזט דעם ערשטן צענדליק קילאָמעטער וועג דורכמאַכן אויף אַ שמאָל פּאַסיקל שאָסיי צווישן אַ יאַם בלאָטע און קויט.

אין אָוונט, א פּאָר שעה איידער מע האָט זיך געלאָזט אין וועג, איז פאָרגעקומען א לעבערלעבער צופאַל. וואָס האָט אָבער געקאָסט ניט ווייניק געזונט דעם קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע. א צעפּאַלאָכעטער פּאַרטיזאַנישער אויסשפּירער האָט מיטגעטיילט, אז אָנשטאָט איינעם פון אונדזערע פּאָדערשטע וואַך־פּאָסטנס אפן דורכרײַס־באַצירק האָט ער גאָר געזען... אן אַטריאַד דײַטשן! די מיטיילונג איז געווען אזא אומגעלומפּערטע, אז דראַגונסקי האָט אליין געמוזט אוועקלאָזן זיך מיט א ווזוואָד אינפאַנטעריע צום אָנגעוויזענעם פּונקט.

אפן ראַנד פון שטאָט, דאָרט, ווו עס האָט זיך באַדאַרפט געפינען דער סאָוועטישער וואַך־פּאָסטן, האָט מען אין דער אָוונט־גרויקייט געקאָנט באַמערקן פונדערווײַטנס שאָטנס פון מענטשן, וועלכע האָבן ניט ארויסגעוויזן קיין שום אומרו. ביים דער אַטריאַד האָט זיך צו זיי דערנעענטערט. נאָך מער, דראַגונסקין האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער הערט, ווי עמעצער זינגט דאָרט אונטער דער נאָז „וויכאָדילא נא בערעג קאַמיושא“. וואָס איז דאָס פאַרא טײַוולשע שטיק!

— ווער גייט? — האָט זיך דערהערט אפּ א גוטן רוסיש דער אויסגעשריי פונעם וואַכמאַן.

— אייגענע! — האָט אָפּגעענטפערט דראַגונסקי, און ער האָט זיך דרייסט א לאָז געטאָן צום אָרט.

— כאַוועך גוואַרדיע־פּאָדפּאָלקאָווניק! דאָס זײַט איר? — האָט ער דערהערט עמעצנס שטימע און גלייך דעם ראַפּאָרט: — אפן אָנפאַרטרויטן פּאָסטן...

דראַגונסקי האָט ניט אויסגעהערט דעם ראַפּאָרט ביזן סאָף. ער האָט זיך געריבן די אויגן און ניט פאַרשטאַנען, וואָס קומט דאָ פּאָר. אויסגעצויגן זיך לויט אלע קלאָלימ פון דער מיליטער־דינסט, זײַנען פאַר אים געשטאַנען פערצן פריצן.

— ווער זײַט איר? — האָט ער אויסגעשריגן, — ווער ביסטו?

— עלטערער סערזשאנט פונעמ ערשטנ באטאליאָנ פונ דער אײַכ אָנגעטרויטער בריגאדע קאָוואליאָוו, כאווער גווארדיע־פּאָדפּאָלקאָווניק!

— פארוואָס אינ דײַטשישער אוניפאָרמ?

דראגונסקי האָט זיכ שוינ ניט געקאָנט אײַנהאלטנ פונ געלעכטער, אָבער דער גאנצער קערפּער האָט אימ גענאָגט פונ דער ערשט־איבער־געלעבטער אָנשטרענגונג.

— אנטשולדיקט, כאווער גווארדיע־פּאָדפּאָלקאָווניק! אונדזער אָנטאָנ האָט זיכ א ביסל אָפּגעניצט, האָבנ מיר עפּעס־וואָס פארכאפּט אפנ דײַטשישנ סקלאד...

דראגונסקי האָט ארײַנגעזאָגט דעמ סערזשאנט א פּאָר ניט גאָר קיינ צערטלעכע ווערטער, נאָר די עצעמ געשעעניש האָט אימ פריילעכ געמאכט.

ס׳איז געקומענ די באשטימטע שעה פונ דורכרײַס. אפנ צאָפנדיקנ וועג האָט זיכ אָנגעהויבנ א פאלשע דעמאָנסטראציע פונעמ אריערגארד, און אינ דער זעלבער צײַט האָבנ זיכ די באטאליאָנענ ארויסגענומענ פונ די פּאָזיציעס און קאָנצענטרירט זיכ אפנ דאָרעמ־מיזרעכדיקנ ראנד פונ שטאָט. דראגונסקי האָט אויסגעשטעלט די קאָלאָנע אזוי: צוויי טאנקענ — פינפ אוטאָס, ווידער טאנקענ און ווידער אוטאָס. פונ די פארכאפּטע שווערע פאנצער־מאשינעס האָט מענ מיטגענומענ בלויז 14 (די איבעריקע פארניכטעט), ווײַל ס׳איז מער קיינ ברענשטאָפ ניט געווענ.

דער דורכרײַס האָט געזאָלט זײַנ אנ אומגעריכטער און דער פאָרויס־מארש א קעסיידערדיקער, ווײַל ס׳איז גענוג געווענ, איינ מאשינ זאָל זיכ אָפּשטעלנ — איז די גאנצע קאָלאָנע פארפאלנ. קיינ סאכ דײַטשישע טיילנ זײַנענ אינ דער אויסגעוויילטער ריכטונג ניט געווענ. די גאנצע זאכ איז אָבער באשטאנענ דערינ, מע זאָל זיי ניט לאָזנ קומענ צו זיכ און ניט געבנ קיינ מעגלעכקײַט די אנדערע טיילנ זיי ארויסהעלפנ.

לויטנ אָפּגערעדטנ סיגנאל האָבנ די טאנקיסטנ, אלע ווי איינער,

אײַנגעשלאָסן די פֿיל מאָל דורכגעקאָנטראָלירטע מאָטאָרן און זיך אַ לאָז געטאָן פֿאָרױס. אין פֿולן גאַנג האָט זיך די בריגאַדע אַרײַנגעשניטן אין דער סאַמע געדיכטעניש פֿונעם סױנעס באַטאַליאָנען, און דאָ האָט זי געעפֿנט אַ פֿײַער פֿון אַלע מינימ געװער. װער עס האָט געשאָסן פֿון אַ האַרמאַט, װער פֿון אַ קױלנװאַרפֿער, װער פֿון אַ ביקס און פֿון אַ נאַגאַן. דער געדונער פֿון אָט דער געמײנזאַמער קאַנאָנאַדע איז געװען אַ דערשי־טערנדיקער. קײן בריקן איז אױף דעם װעג ניט געװען, קײן באַריערן און פֿאַרצאַמונגען אױך ניט. די מאַשינעס האָבן זיך געטראָגן איבערן שמאָלן פֿאַסיקל שאָסײ־װעג, שיטנדיק מיט פֿײַער און צעשלײַדערנדיק דעם סױנעס סאָלדאַטן, װעלכע האָבן געװאָרפֿן דאָס געװער און גע־מאַכט פּלײטע.

די קאָלאָנע איז אַרױס אױפֿן פֿרײַען רױם. מע האָט זיך געמוזט צוטײלן, קעדײ װאָס גיכער אָפּרײַסן זיך פֿון פֿאַװאָלאָטש. מיט עטלעכע קילאָמעטער װײַטער האָט בײַ אײנער אַ דרײַטאָניקער מאַשין, סאַמע אין מיטן פֿון דער קאָלאָנע, זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן דער מאָטאָר. ס׳איז אַ גליק געװען, װאָס פּונקט הינטער דער מאַשין איז געגאַנגען אַ טאַנק. לױטן אַלט־באַקאַנטן קלאַל האָבן די קריגער זיך אַריבערגעזעצט אױף אַן אַנדער מאַשין, דער טאַנק האָט צעקװעטשט דעם דרײַטאָניקן אױטאָ, און דער מאַרש איז פֿאָרגעזעצט געװאָרן.

די דײַטשן האָבן ניט פֿאַרגענומען קײן געיעג נאָך דער בריגאַדע. אַ לאַנגע צײַט איז דער רעיד פֿאָרגעקומען אומגעשטערט. אָט אָבער האָבן די אױסשפּירער געבראַכט אַ ידיעה, אַז אינעם נאָענטסטן דאָרף געפֿינען זיך דײַטשן, — עמעס, אין ניט קײן גרױסער צאָל. דער קאָ־נאָנאַדע־עקספּערימענט בײסן דורכרײַס איז איבערגעכאַזערט געװאָרן נאָכאַמאָל. דאָס מאָל האָט זיך ניט געפֿאָדערט אַזױפֿיל פֿײַער. די היט־לעריסטן האָבן טײקעף געמאַכט פּלײטע. דורך פֿיר דערפֿער האָט זיך די קאָלאָנע דורכגעטראָגן אױף אַזאַ אופֿן, און יעדעס מאָל זײַנען די דײַטשן געלאָפֿן.

ס'איז שוינ גאָר ניט קיינ סאַך געבליבנ צו דער פראָנט־ליניע. לויט דראַגונסקיס כעזשבנ — סאַכאַקל א קילאָמעטער 20. ער האָט באַפוילנ שטרענג אָפּהיטנ די מאַסקירונגס־קלאַלימ און פאַרשטאַרקנ די אויס־שפּירונג.

די בריגאַדע האָט זיכ קאָנצענטרירט אינ א וואַלד. גרייטנדיק זיכ צומ לעצטנ ריס פאָרויס. דער קאָמבריג האָט דערלויבט דעמ אוילעמ א פּאָר שאָ אָפּרוענ. אגעוו, איז קיינ אנדער ברירע ניט געווענ, ווײַל פאַר־זײַנ דעמ מאַרש אָנ א פּינקטלעכער אינפאָרמאַציע וועגנ דער דיסלאָ־קאַציע פונעמ סוינע און אויכ פונ אונדזער מיליטער איז געווענ אומעגלעכ.

סאָפּקאָלסאָפּ זײַנענ די נייטיקע יעדיעס באַקומענ געוואָרנ. אינעמ דאָרפ פאָטשויקי, וואָס איז געלעגנ אפנ וועג, וועלכנ די בריגאַדע האָט אינ קיינ פאַל ניט געקאָנט אויסמײַדנ, איז אײַנגעשטאַנענ א דײַטשישער סאַפּיאָרנ־באַטאַליאָנ און 80 אווטאָס מיט דײַטשישער אינפאַנטעריע. די מאַשינעס זײַנענ געשטאַנענ אינ א ריי, איינע הינטער דער אנדע־רער, באַ דער זײַט פונ וועג. אינ דער שפּיצ פונ די מאַשינעס — צוויי טאַנקענ. אפ דער אנדערער זײַט טײַכ קאָמענקע געפינט זיכ סאָוועטיש מיליטער, דוכט זיכ — טאַנקיסטנ. אויב עס וועט געלינגענ אדורכצו־גיינ פאָטשויקי, וועט מענ נאָכ מוזנ בײַקומענ גאָר א באַזונדערס שווער שטיקל אָרט — דעמ זומפּיקנ טאָל פונ קאָמענקע. אוועקוואַרפנ די טאַנ־קענ מיט די מאַשינעס און דורכרײַסנ זיכ צו אונדזער מיליטער צופוס איז גאָר ניט שווער, ניט אוועקוואַרפנ די מאַשינעריע הייסט — ארײַנ־טרעטנ אינ שלאַכט.

דראַגונסקי האָט דערציילט די קאָמאַנדירנ פונ די ראָטעס און באַ־טאַליאָנעס די געשאַפענע לאַגע און האָט אָפּגעגעבנ א באַפעל גרייטנ זיכ צומ שלאַכט. די אומגעריכטקײַט און די קראַפט פונעמ אנפאַל האָבנ געזאָלט אנטשיידנ אלץ.

די קאָלאָנע פונ דער בריגאַדע האָט זיכ אוועקגעלאָזט און איז אָנגע־קומענ גלײַכ צו פאָטשויקי. גראָד האָבנ א צוויי־דרײַ צענדליק דײַטשי־



דראגונסקי גיט א פארגעבונג.

ישע פראכט־אווטאָמאָבילן געהאט איינגעשלאָסן די מאָטאָרן, און דער סוינע האָט ניט דערהערט דעם גערויש, וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם וואַלד. און ווען ער האָט דערהערט, איז שוין געווען שפעט.

די קאָלאָנע האָט זיך א לאָז געטאָן איבערן לינקן זייט וועג, הארט פארביי די דייטשישע אווטאָס, און האָט געעפנט א גרוילזאמען פייער, פייער פאר אלץ איבער די שינעס פון די דייטשישע פראכט־אווטאָ־

5

אָבילן. די דײַטשן האָבן זיך צעשאָסן איבער די גערטנער און גע־נומען באַשיסן די קאָלאָנע.

די צוויי דײַטשישע טאַנקען זײַנען גלײַך אַפן אָרט צעשמעטערט געוואָרן פון דראַגונסקיס 34 — T און אַראָפּגעשלײַדערט געוואָרן אין קאַנאַווע. 80 דײַטשישע פּראַכט־אווטאָס האָבן זיך ניט געקאָנט רירן פון אָרט, ווײַל בײַ זיי זײַנען געווען דורכגעשאָסן די שינעס.

די אומאָרגאַניזירטע שיסערײַ, וואָס די מעוויליוול־געוואָרענע היט־לעריסטן האָבן געפירט פון די גערטנער, האָט קיין גרויסע פאַרלוסטן דראַגונסקין ניט פאַרשאַפט. אָבער אַ קילאָמעטער ווײַט פון פּאָטשוויקי האָט דראַגונסקי זיך אָנגעשטויסן אָפּ אַזאַ אומגליק, וואָס האָט שיר ניט צו נישט געמאַכט דעם גלענצנדיקן דורכרײַס דורכן דאָרף.

דאָס קליינע בריקל איבערן בלאָטיקן טײַכל איז געווען אויפגעריסן, און די מאַשינעס האָבן ניט געקאָנט דורכגיין. דער שאָסיי אַהינטערן בריקל איז אויך געווען אויפגעריסן אין עטלעכע ערטער.

קיין אויסוועג איז ניט געווען. דראַגונסקי האָט באַפוילן אויסצו־קערעווען די קאָלאָנע צוריק, ווידער דורכגיין דורך פּאָטשוויקי און אוועקלאָזן זיך מיט אַ זײַטיקן שאָסיי־וועג. ער האָט געוווסט, אַז דער דאָזיקער שאָסיי־וועג איז ניט זיכער, אָבער מע האָט געמוזט פּרווון בײַקומען אים.

די בריגאַדע האָט ווידער געעפנט אַ פײַער און איז מיט מאָל דורכ־געגאַן פּאָטשוויקי צוריק און אויסגעקערעוועט אַפּ אַן אַנדער וועג. אַ האַלב שעה האָבן זיי זיך באַוועגט דורכן וואַלד בעשאָלעם. עס האָט זיך געדוכט, אַז ס׳איז אַלץ אין אָרדענונג, אָבער ווידער האָבן זיך די פאָר־דערשטע טאַנקען אָפּגעשטעלט, און דער קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע האָט דערזען פאַר זיך אַ גאַנץ טרויעריק בילד: אַ טײַך, אַ זומפּ, אַן אויפגעריסענער בריק, און דאָרט, ווײַטער, ליגט איבערן זומפּיקן וועג אַן איבערדעק פון צווײַגן, וואָס זײַנען שוין טיף פאַרזונקען אין קויט.

ס'איז אומעגלעך געווען צו באַוועגן זיך ווײַטער. וואַרטן איז אויך ניט געווען אַף וואָס. די פראָנט־ליניע איז גאָר נאָענט, און ס'איז קיין סאָפעק ניט געווען, אַז אויב די פאַשיסטישע „העלדן" וועלן זיך אויס־טשוכענען, וועלן זיי אַהער אַראָפּבריינגען אַ פאַרשטאַרקטן מיליטער־טייל, וואָס וועט פאַרניכטן די מענטשן צוזאַמען מיט די טאַנקען און מאַשינעס. אויסקערעווען זיך האָבן שוין די מאַשינעס אין דעם דאָזיקן זומפּ ניט געקאָנט און באַוועגן זיך פאָרויס — אויך ניט.

דראַגונסקים לאַגע אין יענעם מאָמענט איז בעעמעס געווען אַ פּײַנפולע. יעדער איינער קאָן פאַרשטיין, ווי שווער עס איז צו מאַכן אַן אויסוואַל, ווען מע ריזיקירט מיטן לעבן פון פיל הונדערטער מענטשן. די טאַנקען זײַנען אײַנגעבאָקן אין האַרצן. זיי געהערן דער רעפּובליק, זיי שלאָגן אַזוי גלענצנדיק דעם סוינע. די פראַגע שטייט אָבער אַזוי: די מענטשן אָדער די טאַנקען? ראַטעווען ביידע זאַכן איז אומעגלעך. מע דאַרף אויסקלײַבן איינס פון די ביידע.

— האָרכט מײַן קאָמאַנדע! — האָט אויסגעשריִען דראַגונסקי. — אַראָפּנעמען פון די טאַנקען און אווטאָמאָבילן דאָס גאַנצע געווער, וואָס מע קאָן טראָגן אַף זיך. אויסשטעלן זיך אין אַ מאַרש־קאָלאָנע. די טאַנקען און אווטאָס — אופרײַסן!

— וואָס טוט איר, כאַווער פּאָדפּאָלקאָווניק? — האָט אויסגעשריִען איינער אַ לייטענאַנט.

— שווײַג! — האָט אָפּגעענטפערט דאַוויד. — טאַנקען און מאַ־שינעס וועלן מיר קענען אָפּנעמען באַם סוינע, און לאָזן אומקומען מענטשן איבער עטלעכע מאַשינעס טאָרן מיר ניט.

די מאַרש־קאָלאָנע האָט זיך אויסגעשטעלט. אַ הילכיקער אופרײַס האָט דערשיטערט די לופט. און דאָ האָט דראַגונסקים פּערזענלעכער אַדיוטאַנט פּעטיע קאָזשעמיאַק צום ערשטן מאָל דערזען בא דאַוויד דראַגונסקין אַף די אויגן צוויי גרויסע טרערן. אַ נעס, וואָס קאָזשע־מיאַק האָט דערציילט דאַווידן, אַז ער האָט געזען זײַנע טרערן.

ערשט אין א יאָר ארום, וואָרעם ווען ער זאָגט דאָס גלייך, וואָלט ער שלעכט אָפּגעשניטן.

דראגונסקי איז געגאנגען אין שפּיץ פון דער בריגאדע, א דער־שיטערטער פון די געשעענישן. איבער א פארשיווע בריקל — אזא מין גערודער! ער האָט אָבער קיין רעכט ניט געהאט אף כאראָטע. זיין באפעל איז געווען א ריכטיקער.

דורך וועלדער און זומפּן איז די קאָלאָנע ארויסגעגאנגען צום טייך קאמענקע. אינעם וועלדל אף דער אנדערער זייט טייך האָבן זיך שוין ארויסגעוויזן בלינדאזשן און שוצגראָבנס. אונדזערע אָדער דער דייטש? דאכט זיך, אז ניט אונדזערע. עפּעס ניט דאָס. ס'א געפאר צו גיין ווייטער. אויסשפּירער, פאָרויס!

די מענטשן, וואָס זיינען געווען דיסלאָצירט אין וועלדל, האָבן באַשאָסן די אויסשפּירער. אָבער ווען איינער פון עם „סוינעס'' מענטשן האָט דערהערט, ווי א פארוואונדעטער אויסשפּירער האָט זיך אף רוּמיש אויסגעזידלט, האָט די שיסעריי גלייך אופגעהערט. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס איז געווען אן אָטריאד פון ריבאלקאָס מיליטער. אָבער דער אָטריאד איז באשטאנען פון נייע מענטשן, וועלכע די אַרמיי האָט ערשט באקומען פון די באפרייטע ראיאָנען, און זיי האָבן נאָך ניט געהאט קיין רויטארמייִשע אוניפאָרם.

וואָס פאר א פריידיקע באגעגעניש עס איז פאָרגעקומען אין וועלדל!

ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער ארמיי־שטאב האָט געלאָזט וויסן אלע זיינע מיליטער־טיילן, אז עס דארף אָנקומען דראגונסקיס בריגאדע. מע האָט אָבער אף איר געווארט גאָר פון אן אנדער זייט. כוץ דעם האָבן די פאָסטנס ניט געזען קיין מאשינעס, און דעריבער האָבן זיי שטארק געצווייפלט, צי דאָס זיינען טאקע אייגענע אָדער פרעמדע.

דראגונסקי איז אף שנעל אוועק צו ריבאלקאָן און פארגעסן דערביי, אז מע דארף זיך כאָטש א ביסל ברענגען אין אָרדענונג. ווען דראגונסקי איז אריין צום גענעראל, איז יענער געווען שטארק פארטיפט אין

דער ארבעט. ער האָט נאָר געכאַפּט אַ קוק אויף אים און געהייסן צו־וואַרטן. דראַגונסקי איז אַרויס אין צווייטן צימער און גענומען וואַרטן. ער האָט ניט געוווּסט, אַז ריבאַלקאָ אַדיוטאַנט האָט, וועלנדיק אי־בעראַשן זײַן קאָמאַנדיר מיט אַן אומגעריכטער באַגעגעניש, ניט אָנ־גערופן דראַגונסקיס נאָמען.

ערשט אין אַ האַלב שעה אַרום האָט דראַגונסקי פּלוצעם דערהערט דעם פריידיקן און גלײַכצײַטיק, בייזערדיקן אויסגעשריי פון זײַן קאָ־מאַנדיר:

— וואָס הייסט, איר האָט מיר ניט געזאָגט, אַז דאָס איז דראַגונסקי? איך וועל אײַך צערײַסן אויף אַש! אַנו, דערלאַנגט מיר אים נאָר אַהער! שנעל! ער איז אַזוי באַוואַקסן, אַז איך האָב געמיינט, אַז ס'איז איינער פון די שאָפערס. קומט אַרײַן, דראַגונסקי, איך בעט אײַך, קומט אַרײַן!

ריבאַלקאָ האָט אויסגעשטרעקט דעם קאָמבריג ביידע הענט.

— דעם וואַרמעס אַהער! דעם פּאַריקמאַכער אַהער! טיי דערלאַנגט! דאָס שענסטע און דאָס בעסטע — אויפן טיש!

דער קאָמאַנדיר האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען צום טיש און אַראָפּגענומען דאָס טע־לעפאָן־טרײַבל.

אין עטלעכע רגעס אַרום האָט ריבאַלקאָס קלינגעוודיקע שטים ראַ־פּאָרטירט:

— כאַוווער אַרמיי־גענעראַל! ס'האָט זיך באַקומען! דראַגונסקי איז דאָ! ס'האָט זיך באַקומען!

קיינער האָט אים אין טרײַבל ניט דערוווידערט. דער רעיד אין הינ־טערלאַנד פונעם סוינע האָט זיך טאַקע אײַנגעגעבן. און, ווי ריבאַלקאָ האָט געזאָגט, עס האָט זיך טאַקע באַקומען.

9

— **א**יר ווייסט וואָס, כאווער גווארדיע־פּאָדפּאָלקאָווניק? — האָט צומאָרגנס געזאָגט דער קאָרפּוס־קאָמאנדיר. — די בעסטע באלוינונג פאר א מיליטער־פירער איז...

— די מעגלעכקייט נאָכאמאָל אויסצוצייכענענ זיכ, — האָט דאָוויד פארענדיקט די פראזע.

— וואָס? איר קענט די דאָזיקע פאָרמול?

— איכ קענ, כאווער גווארדיע־גענעראל־מאיאָר. ערשטנס, בינ איכ גאָר ניט אזא פּראָסטאק, און, צווייטנס, בינ איכ שוינ געווענ אינ דער לאגע פונ אזא מיליטער־אָנפירער.

— נו, זייער גוט. דאנ באקומט אנ עשעלאָנ טאנקענ און לאָזט זיכ טייקעפ אוועק שלאָגנ די דייטשנ אונטער ברוסילאָוו.

בלויז איינ נאכט אָפּרו האָט דראגונסקי געהאט נאָכ דער פאוואָלאָטשער עפּאָפּייע. די דייטשנ האָבנ זיכ געריסנ צו קיעוו. אונטער פאסטאָוו, מאלינ און ברוסילאָוו האָבנ זיכ פונאנדערגעוויקלט שווערע שלאכטנ. דער סוינע האָט אָפּגעביטנ די ריכטונג פונעם הויפּט־קלאפּ. אָבער ריבאלקאָס טאנקענ־גרופּע האָט אינ אלע ריכטונגענ אָפּגעשלאָגנ די קאָנטר־אטאקעס פונעם סוינע. די דייטשישע קאָמאנדשאפט איז געווענ אויסער זיכ. די היטלעריסטנ האָבנ געוואָרפנ גרויסע מיליטער־טיילנ אינ פארשיידענע ריכטונגענ. און יעטווידעס מאָל זיינענ זיי באגעגנט געוואָרנ דורכ איינער פונ די בריגאדעס פונ ריבאלקאָס גרופּע, וואָס האָבנ אָפּט געמוזט דורכמאכנ פילקילאָמעטערדיקע פאָרסירטע מארשנ, קעדיי אָפּצושלאָגנ דעם סוינעס אָנגריפ אינעם סאמע געפערלעכנ אָרט. די דייטשנ האָבנ בעשום־אויפנ ניט געקאָנט פאר־

שטיין, פונוואנען און וויאזוי דערווייסן זיך די רוסישע, וועג און וועלכע אריבערציווארפן זייערע קרעפטן. די בליץ־שנעלע איבערדיסלאָצירונגען פונעם סאָוועטישן מיליטער זיינען געווען א מוסטער פון מיליטערישער, ביפראט פון טאנקיסטישער מייסטערשאַפט. זיי האָבן פאראלייזירט אלע אָנשטרענגונגען און שפיצלען פון די פאשיסטן.

דער גאנצער כוידעש נאָיאבער און אָנהייב דעקאבער איז פאר דאָווידן אדורך ווי אין א נעפל. איין שלאכט נאָך דער אנדערער, איין מארש נאָכן אנדערן. לעסאָף האָט ער פארנומען אף א מער דויערהאפטער צייט א פּאָזיציע לענגאויס דעם טייך טעטערעוו פונקט אף דעם באצירק, ווו די דייטשן האָבן באשלאָסן פאָרצונעמען א גענעראַלשטורעם.

ס'איז שווער געווען אײַנצוהאלטן דעם סוינע אפן הוילן סטעפּ, האגאם די 12־מעטערדיקע ברייט פונעם נאָך ניט פארפרוירענעם טייך איז געווען גאָר ניט קיין שלעכטער באריער. דער סוינע האָט באקומען גרויסע, פרישע קרעפטן, דערונטער א היפּש ביסל „טיגערס". אף דער „דייטשישער זייט" איז געווען א וואלד, ווו די דייטשן האָבן געהאט די מעגלעכקייט צו קאָנצענטרירן זייערע שטורעם־אָטריאדן. פון דעם סוינעס אטאקעס האָט זיך אָבער גאָרנישט ניט אויסגעלאָזט. דער ברעג פון טעטערעוו איז געוואָרן א גיגאנטישער בעסאָלמען פון דייטשישע סאָלדאטן און דייטשישער טעכניק.

די טעג זיינען געגאנגען איינער נאָכן אנדערן אין שווערער סאָלדאטישער האָרעוואניע. די נאָרוואָס באפרייטע הויפּטשטאָט פון אוקראינע איז אף די ווייטע צוטריט־וועגן באוואכט געוואָרן דורך א פּעסטער פייער־וואנט. די אויפגאבע איז אָבער געווען ניט בלויז פארהאלטן דעם סוינע, נאָר פאריאָגן אים וואָס ווייטער.

דעם 8 און 9 דעקאבער האָבן די דייטשן, שוין היפּש אויסגעצערט, זיך א לאָז געטאָן אין אָנגריף. אפּאָנעם, אז דאָס איז עס טאקע געווען דער גענעראל־שטורעם זייערער. דראגונסקי האָט שוין פארלאָרן דעם

כעזשבנ פונ די אָפּגעשלאָגענע אטאקעס, דאָס זעלבע אויך די שבייר נעסדיקע בריגאדע. דעמ 9 דעקאבער איז אָוונט האָט נאָך געקאָכט אַנ אבזאָריעסדיקע שלאכט. די קאָמאנדישאפט האָט שוינ אָבער אײַנגעזעננ, אַז די דײַטשנ קלײַבנ זיך אָפּצוטרעטנ, אונ זי האָט אָפּגעגעבנ א באפעל איבערצוגיינ פונ באשיצונג צו אקטיווע אָפּעראציעס.

דראגונסקי האָט אופגענומענ דעמ דאָזיקנ באפעל מיט היסלײַוועס.

עס זײַנענ שוינ געווענ פארענדיקט אַלע נייטיקע צוגרייטונגענ, אונ מע האָט זיך געקאָנט א ריר טאָנ פונעמ אָרט. ס'איז אנשוויגנ געוואָרנ די קנאקערײַ פונ די פײַנטלעכע טאנקענ. זעלטנ־ווענ האָט זיך נאָר געהערט דאָס געברומ פונ דײַטשישער ארטילעריע. אונ בלויז די זעקס־מוילינקע מינענוואַרפער האָבנ נאָך געבושעוועט, צודעקנדיק דעמ צוריקטריט פונ די היטלעריסטנ.

דאָוויד איז געשטאנענ ארומ זײַנ טאנק, גריימנדיק זיך צומ נײַעמ מארש.

— היט זיך! — האָט עמעצער דערבײַ א געשריי געטאָנ.

דראגונסקי האָט ניט באוויזנ צופאלנ צו דער ערד, ווי דער הימל האָט זיך פאר אימ א דריי געטאָנ. א ווילדער ווייטעק האָט אימ א שניט געטאָנ איבערנ קערפּער. עס האָט זיך אָפּ אימ אראָפּגעלאָזט די נאכט.

ער איז געקומענ צומ באוווסטזײַנ ערשט אינ דרײַ וואָכנ ארומ.

---

יעדער טאָג אָפּ דער מילכאָמע — דאָס איז א קעסיידערדיקע באַגעגעניש מיטנ טויט. דער טויט גייט מיט דיר באנאָנד. ער פײַפט איבער דײַנ קאָפּ, ער טראָגט זיך פונדערווײַטנס, ער פאלט אָפּ דיר אָנ פונ אונטער די פיס. צו סאקאָנעס ווערט מענ געוויינט, ארומ אונ ארומ זײַנענ כאוויירימ, מיליטער, אונ דו טוסט זיך דײַנ זאך.

אָבער אָט האָט דיך דער טויט אָנגערירט מיט זײַנע שווארצע פליגל, אונ דאָס געראנגל הייבט זיך אָנ איינס אָפּ איינס, אָפנ שמאָלנ בעטל

אין שפּיטאָל, דעמלט פֿויזענ די ריענעס. אזוי ווי יאָרן, און די נעכט דוכטן זיך אויס, ווי די אייביקײַט. דײַן קערפּער איז אומבאהאָלפֿן. אויב אָבער דײַן ווילן צו לעבן איז שטאַרק, מוז דער טויט אָפּרוען גוט צוהאָרעווען. און ס׳געשעט אָפּטמאָל א וווּנדער — עס שטעלט זיך אָפּ די פּים דער, וואָס האָט שוין קיין שום האָפֿענונג אָפּ לעבן ניט געהאַט.

מע האָט דראַגונסקין אָרופּגעלייגט פֿיר נעט אפֿן לעבער. מע האָט אים אויסגעשניטן צוויי ריפּן. אין דער טיפֿער לאָך, וואָס האָט זיך בא אים אויסגעבילדעט אָפּ דער רעכטער זײַט, האָט מען פֿרײַ געקאָנט אַרײַנשטעלן א פּויסט. ער האָט פֿאַרלוירן אָן א שיר בלוט.

דאָוויד איז געקומען צו זיך אין דרײַ וואָכן אַרום. און צוויי כאַדאָשים נאָך האָט ער אויסגעזען ווי א טויטער. אָבער דער זויקער פֿונק פֿון לעבן, וואָס האָט אין אים געטליעט, האָט זיך פֿונדעסטוועגן אַרויסגעוויזן שטאַרקער פֿאַרן טויט.

— עס קאָן ניט זײַן, איך זאָל ניט לעבן, האָט ער געשעפּטשעט.

די דאָזיקע פֿראַזע האָט ער איבערגעכאַזערט פֿון היץ און אויך, ווען ער איז געקומען צו זיך. די דאָזיקע פֿראַזע האָט דערהערט דער גענעראַל־מאַיאָר פֿון מעדיצין־דינסט נערגאַלאָוו, און ער האָט אים אָפּגעענטפֿערט:

— אזעלכע אָפּטימיסטן ווי איר שטאַרבן ניט...

און דאָוויד איז ניט געשטאָרבן. כוידעש נאָך כוידעש איז ער אָפּגעזעסן אין זישעלעזנאָוואָדסק און זיך אָנגענומען מיט פֿרישע קרעפֿטן. אין א האַלב יאָר אַרום נאָך דער פֿאַרווּנדונג האָט ער שוין אויסגעזען גאָר בראַוו.

ער האָט געהאַט די מעגלעכקײַט אָפּ דער מילכאָמע ניט גיין, ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו דעמאָבילוזירן זיך, אוועקגיין אָפּ פּענסיע, אויסגעפֿינען וואָס פֿאַר אַן אַרבעט ער האָט נאָר געוואָלט, אָבער די דאָקטוירים, וואָס האָבן שוין דאָ דערקענט זײַן כאַראַקטער, האָבן געפֿילט, אז דאָוויד וועט פֿונדעסטוועגן אוועקגיין אפֿן פֿראָנט.

דער קראנקער אליינ האָט וועגנ דעמ ניט גערעדט. ער האָט געזאמלט קויכעס. דער גוירל האָט אימ צוגעטראָגנ נאָכ א גרויסנ אומגליק, נאָכ איינעמ א מוירעדיקנ ניסאָיענ, אונ ער האָט אימ געדארפט בײַשטיינ מיט ניט ווייניקער פעסטקײַט, ווי בײַשטיינ דעמ טויט.

דורכ איינעמ א פארטיזאנ פונ נאָוואָזיבקאָווער ראיאָנ איז צו דראגונסקינ דערגאנגענ די שרעקלעכע בסורע וועגנ זײַנע עלטערנ. מע האָט געדארפט זײַנ שטארקער פונ אײַזנ, קעדיי דורכצולייענענ דאָס בריוול ביזנ סאָפ. פונ יעדנ אָס האָט געטריפט מיט בלוט...

שטעלט זיכ אויס, איר, ווערטער, אָנגעזעטיקטע מיט טרויער אונ האס! שטעלט זיכ אויס ווי איידעס אונ ווי ריכטער! דערציילט פאר דער וועלט וועגנ דעמ גוירל פונ נאָכ א מישפּאָכע, — א מישפּאָכע ערלעכע האָרעפּאשניקעס, פריידלעכע אײַנוווינער, מענטשנ מיט א גאָלדנ הארצ אונ מיט א ריינ געוויסנ. שוינ נאָר פאר דעמ אליינ האָבנ פארדינט געקעפּט צו ווערנ אונ אָפּ אייביק פארשאָלטנ ווערנ די פאשיסטנ פונ אלע פעלקער אונ לענדער, אונ אינ דער ערשטער ריי די דײַטשישע.

דראגונסקיס מוטער איז דערשטאָכנ געוואָרנ פונ א דײַטשישנ באגנעט. די עלטערע שוועסטער — פארברענט. די יינגערע שוועסטער אונ דער פאָטער האָבנ זיכ אויסבאהאלטנ בא רוסישע כאוויירימ — בא א באקאנטער מישפּאָכע — בא די כאָלאָדענקאָווס, אָבער די דײַטשנ האָבנ זיי געפּאקט, אונ דער אלטער אווראָמ צוזאמענ מיט זײַנ 16־יאָריקער טאָכטער כײַע זײַנענ דורכגעלעכערט געוואָרנ פונ קוילנ. די דײַטשנ האָבנ דערהארגעט דאָווידס זיידע, א 89־יאָריקנ זאָקנ. מיט א קלאפּ אָנ וואנט האָבנ זיי ז'ערהארגעט דאָווידס א פּלימעניקל, א זוויגקינד. פיר אונ זיבעציק דראגונסקיס, פיר אונ זיבעציק פריידלעכע, געאכטעטע מענטשנ האָבנ די דײַטשנ אופגעהאנגענ, פארברענט אונ דערשאָסנ. אונ זייער שולד איז באשטאנענ נאָר דערינ, וואָס זיי זײַנענ יידנ.

דאָס בריוול פונעמ נאָוואָזיבקאָווער פארטיזאנ האָט אויספירלעכ דערציילט וועגנ דער שוידערלעכער עקזעקוציע אונ אויסגערעכנט הימל־

שרײַענדיקע פּאַקטן. דראַגונסקיס אַ שוועסטערקינד, אַ נײַן־יאָריק מײד־עלע, האָט געפרעגט באַם דײַטש:

— פּעטערקע! ווי־אַזוי זאָל איך זיך שטעלן? מיט דער פּלייצע אָדער מיטן פּנים?

דער פּאַשיסט האָט איר מיט דער ביקס־קאָלבע צעפּלעט דעם שאַרבן. פּיל פון די דראַגונסקיס האָבן די דײַטשן אויסגעשטאָכן די אויגן, אָפּגעשניטן די אויערן, און דערנאָך זיי געטייט. דער מוטערס גוף האָבן זיי אַרײַנגעוואָרפן אין אַ ברונעם.

דאַוויד האָט שווער, אָבער מוטיק איבערגעלעבט די שרעקלעכע ידיעה. דער טרויער האָט זיך אויסגעגאָסן אין אַ האַס, אין אַ פּלאַמיקן באַוווסטזיניקן האַס צו די דײַטשן. הײַנט וואָס פאַר אַ באַשלוס קאָן ער אָננעמען נאָך אַזאַ בריוו?

אין אַ וואַרעמען יונ־אָוונט איז דאַוויד געזעסן מיטן סעקרעטאַר פונעם גראָזנער געגנטקאָם פון דער פּאַרטיי וויקטאָר אַלעקסאַנדראָוויטש איוואַנאָוו אַף דער וועראַנדע פון סאַנאַטאָריע. איוואַנאָוו האָט מיט אַ קיוון אָפּגעווענדט דאָס געשפּרעך פונעם פּאָלקאָווניק מערקולאיעווס בריוו, וועלכער האָט מיטגעטיילט דאַווידן ריבאַלקאָס ווערטער: „איך בעט דראַגונסקין צו זיך, לאָמיר צוזאַמען ענדיקן די מילכאָמע".

זיי האָבן קלאָר אין אָט דער רעגע ניט געשמועסט וועגן מילכאָמע, אָבער מיטאַמאָל, ווי אַ דונער פון הימל, האָט פונעם ראַדיאָ־רופּער, וואָס איז געהאַנגען אַף דער וועראַנדע, זיך געלאָזט הערן די באַקאַנטע און רירנדיקע שטים פונעם דיקטאָר לעוויטאַן. ער האָט איבערגעגעבן די מיטיילונג וועגן דער עפענונג פונעם צווייטן פראָנט, און אַז דאָס ענגליש־אַמעריקאַנישע מיליטער האָט זיך אַרויסגעזעצט אַפן ברעג פון לאַ־מאַנש.

אויסגעהערט די מיטיילונג, האָט זיך דאַוויד אופגעהויבן, אַ ריס געטאָן מיט דער האַנט אַראָפּ די פּיזשאַמע, פּונקט ווי ער וואָלט גע־

טראָגן א מיליטעריש העמדל, און מיט דער פולער ערנסט געזאָגט:

— מאָרגן פאָר איך אפּן פראָנט.

ס׳איז איבעריק צו באַשרײַבן דעם שטורעם, וואָס האָט זיך דאָ גלײַך אפּן אָרט אָפּגעשפּילט. דראַגונסקי איז פאַרבליבן אײַזנפעסט. די נאַטשאַלסטווע פון סאַנאַטאָריע האָט געדראָעט מיט קאָלעריי צוואַנגס־מיטלען, געשריען, אַז זײַן באַשלוס איז א ריינע מעשוגאַס. אָבער ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן. צומאָרגנס איז שוין דאַווידן געווען אפּן וואָקזאַל.

אזוי איז ער צום דריטן מאָל אַנטלאָפן פון א היילאַנשטאַלט, עמעס — דאָס מאָל ניט פון קיין שפּיטאָל, נאָר פון א סאַנאַ־טאָריע.

---

ס׳האָט געדויערט צוויי וואָכן, ביז דראַגונסקי האָט זיך דערקליבן צו ריבאַלקאָס מיליטער. ער האָט זיך איבערגעזעצט פון צוג אפּ א פורל, פונעם פורל אפּ א פּראַכט־אווטאָמאָביל, פון פראַכט־אווטאָמאָביל אפּ א ציסטערנע, און ווידער אפּ א פורל. שוין גאָר ניט ווײַט פונעם באַשטימטן פונקט, ווו ער האָט זיך געדאַרפט מעלדן, האָט זיך אים אײַנגעגעבן ארופצוכאַפּן זיך אפּ א טאַנק ИС (יאָסיפ סטאַלין). אפּ דעם דאָזיקן טאַנק איז ער אַרײַנגעפאָרן אין ריבאַלקאָס שטאַב.

ריבאַלקאָ האָט באַגעגנט דראַגונסקין מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס. ער האָט זיך צונויפגעקלונגען מיט מאָסקווע און האָט טייקעף באַקומען די דערלויבעניש אוועקצושטעלן דראַגונסקין ווידער אין דער שפּיץ פון דער בריגאַדע.

פאַרן אוועקגיין האָט זיך דאַוויד אויסגעצויגן, ווי ס׳איז אָנגע־נומען אין דער אַרמיי, און האָט געפרעגט:

— דערלויבט צו גיין?

— ב׳דערלויב, כאַווער גוואַרדיע־פּאָלקאָווניק!

דאָוויד איז געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט.

— וווּנדערט זיך ניט, כאָווער גוואַרדיע־פּאָלקאָווניק, — האָט זיך ריבאַלקאָ צעשמייכלט, — אָט איז דער באַפעל פון מאָסקווע וועגן העכערן אײַער ראַנג.

די באַגעגעניש מיטן קאָמאַנדיר איז געווען אַ פרײדיקע, אָבער גאָר אַן אויסערגעוויינלעכע איז געווען די באַגעגעניש מיט די קריגער און אָפיצערן פון דער בריגאַדע. דער עולם איז אַרויסגעלאָפן פון די ערד־שטיבלעך, מע האָט געשריִען „הוראַ“, און יעדערער האָט געוואָלט אַ דריק טאָן די האַנט פונעם באַליבטן קאָמאַנדיר. און דאָ האָט זײַן אַדיוטאַנט פּעטיע קאָזשעמיאַק צום צווייטן מאָל דערזען אויף זײַנע שעפּס פּנעמער צוויי גרויסע טרערן...

מע האָט דאָווידן דערציילט, אַז ווען ריבאַלקאָ האָט אין זײַן אָפּוועזנהייט איבערגעגעבן אַפן פּאַראַד פון דער בריגאַדע די פאָן מיטן נאָמען „וואַסילקאָווער“ און דעם אָרדען, מיט וועלכן די בריגאַדע איז באַלוינט געוואָרן, האָט ער דערבײַ געזאָגט:

— פאַרגעדענקט, אַז די דאָזיקע פאָן האָט אויסגעקעמפט דראַגונסקי...

אָבער קיין איבעריקע צײַט צו פּראַווען סימכעס איז ניט געווען. עס איז פאָרגעשטאַנען די לוואָוו־פּערעמישלער אָפּעראַציע, און מע האָט זיך געמוזט גרייטן דורכצופירן זי.

10

Dי דײַטשישע „דאָרעמ־אַרמיי“ איז צעגראָמירט געוואָרן. אין רעזולטאַט פון דער פאַסטאָווער, פּראָסקוראָווער און וויניצער אָפּעראַציעס פונעם ערשטן אוקראַיִנישן פראָנט איז דאָס דײַטשישע מיליטער צעבראָקט געוואָרן אויף שטיקלעך און צוגעקוועטשט געוואָרן צום דניעפּער. דער סוינע האָט פאַרלאָרן די גאַנצע רעכטברעגיקע אוקראַיִנע. און

ס'איז אַצינד באַדראָעט געוואָרנ דער מײַרעוו־טײל אוקראַינע — דער וועג צו דײַטשלאַנד גופא. די אָפּעראַטיווע פּאַוזע האָט געגעבנ די מעגלעכקײַט דעמ סוינע עטוואָס איבערכאַפּנ דעמ אָטעמ, אָבער די באַדראָונג איז געבליבנ.

נאָכ דער צעשמעטערונג פונעמ טאַרנאָפּאָלער גאַרניזאָנ דײַטשנ איז די רוסישע אַרמײ אַריבער צו אַ סטאַבילער שוץ־טאַקטיק, גלײַכצײַטיק גרײטנדיק זיכ צו אַ נײַעמ שטורמישנ אָנגריפ. צו יול 1944 איז דער דאָזיקער אָנגריפ געוואָרנ מעגלעכ. די אָפּעראַציעס פונ ערשטנ, צווײטנ אונ דריטנ ווײַסרוסישע פראָנטנ, וואָס זײַנענ דורכגעפירט געוואָרנ לויטנ געניאַלנ פּלאַנ פונ דער סאָוועטישער אויבער־הויפּטקאָמאַנדשאַפט, האָבנ געשאַפנ די מעגלעכקײַט פאַרנ אָנגריפ פונעמ ערשטנ אוקראַינישנ פראָנט.

אינ דער פינצטערער געדיכטעניש פונעמ ווערטיליאַקער וואַלד, לעבנ שטיבל פונעמ גענעראַל־פּאָלקאָווניק ריבאַלקאָ, האָבנ זײַנע אינזשעניערנ אונ סאַפּיאָרנ אויסגעבויט אַ רעליעפנ פּלאַנ פונעמ לאַנדשאַפט, אָנהײבנדיק פונ דער אויסגאַנג־פּאָזיציע ביז סאַמע פּערעמישל. אינ אַ 10־מעטערדיקנ קאַסטנ האָבנ זיכ „אויסגעלײגט" אַלע פּונקטנ, — די בערג, בערגלעכ, טײַכנ, וועלדער אונ טאָלנ, וועלכע עס איז פאַרגעשטאַנענ בײַצוקומענ. דאָ, אַרומ דעמ מאַקעט, זײַנענ באַטראַכט געוואָרנ די דעטאַלנ פונ דער פאַרשטײענדיקער אָפּעראַציע אונ דיסקאַנטירט געוואָרנ די שוועריקײַטנ פונעמ קומענדיקנ מאַרש.

די אַרמײ האָט זיכ קעסיידער אונ אומדערמידלעכ געגרײט. עס איז דורכגעפירט געוואָרנ אײנ פּרווו־מאַרש נאָכנ אַנדערנ. די קריגער האָבנ זיכ געלערנט בײַקומענ וואַסער־באַריערנ אונ דורכצומאַכנ אולטראַשנעלע מאַרשנ.

דראַגונסקי האָט זיכ אינגאַנצנ אָפּגעגעבנ דער צוגרײטונג פונ דער אָפּעראַציע. ניט ווײניק שווײס האָט עס געקאָסט די אָפיצערנ אונ סאָל־

דאטן, זיי האָבן אָבער גוט געהאט אין זינען די באַרימטע סוואָראָוו־פּאָרמולע: „אויב ס׳איז שווער אין דער לער, איז גרינג אין מאַרש״. די בריגאַדע האָט זיך ניט איין מאָל איבערצייַגט אין דער ריכטיקייט פון דעם דאָזיקן קלאַל.

די גאַנצע צוגרייטונג איז געגאַנגען אויסשליסלעך געהיים. קיינער האָט ניט געוווּסט די צוועקן פון דער דיסלאָקאַציע. די קאָנצענטראַציע פונעם מיליטער איז געגאַנגען בלויז באַנאַכט, איבער קליינע פאַרוואָרפענע סטעזשקעס. אָפּשטעלן זיך איז געווען דערלויבט נאָר אין וואַלד. און ערשט צוויי טעג פאַרן אָנהייב פונעם אָנגריף האָבן די קאָמאַנדירן פון די בריגאַדעס און באַטאַליאָנען באַקומען אָנווייַזונגען, און דאָס אויך פון אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. טאָג־אַיין טאָג־אויס זייַנען דורך ראַדיאָ איבערגעגעבן געוואָרן ראַפּאָרטן: „די טיילן פאַרבלייַבן אַפן אָרט. זיי גייען דורך די מיליטערישע לער״.

דער סוינע האָט גוואַלדיק געציטערט פאַר ריבאַלקאָס טאַנקען־גרופּע. ס׳איז גענוג צו זאָגן, אַז בלויז אין פאַרלויף פון איין וואָך האָבן די דייַטשן אין פאַרשיידענע פּונקטן פונעם גאַנצן אוקראַאינישן פראָנט אַראָפּגעוואָרפן 18 פאַראַשוטיסטן מיט אַן איין־איינציקער אויפגאַבע: דערגיין, וווּ געפינט זיך ריבאַלקאָס גרופּע. אַלע פאַראַשוטיסטן זייַנען אַרייַנגעפאַלן צו אונדז אין די הענט. די היטלעריסטן האָט זיך אַבסאָליוט גאָרנישט ניט איינגעגעבן אויסצושפּירן. און אַוואַדע און אַוואַדע איז פאַר זיי פאַרבליבן אַ סאָד די ריכטונג פונעם הויפּט־קלאַפּ.

דעם 14 יולי 1944 האָבן די אינפאַנטעריע־טיילן איינגענומען די ערשטע צוויי שוץ־ליניעס פונעם סוינע, און ס׳איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל אָנצוהייבן דעם אַלגעמיינעם אָנגריף. עס האָבן אַ דונער געטאָן די „קאַטיושעס״. עס האָט זיך צערעדט די אַרטילעריע. עס האָבן זיך אוועקגעלאָזט די גערדיכטע רייען סאָוועטישע אַעראָפּלאַנען. אין

א טאָג אַרום האָט שוין דאָס סאָוועטישע מיליטער געהאַט דורכגעזעצט א 25־קילאָמעטערדיקן קאָרידאָר, וואָס זײַן שפּיץ האָט אָנגעשפּאַרט באַם דאָרף נושטשע. דעם 15־טן פאַרנאַכט האָט ריבאַלקאָ אָנגענומען א באַשלוס: ניט וואַרטנדיק, ביז די אינפאַנטעריע וועט דערגרייכן די ליניע סאָטאָוו — זאָלאָטשעוו, אַרײַנפירן די טאַנקען־גרופּע אינעם דורכרײַס. דער פראָנט־קאָמאַנדיר — דער גלענצנדיקער סטראַטעג און אַרמייען־פירער מאַרשאַל קאָניעוו האָט דעם דאָזיקן באַשלוס סאַנקציאָנירט.

און די טאַנקיסטן האָבן זיך א ריס געטאָן אינעם שמאָלן 6־קילאָמעטערדיקן קאָרידאָר, וואָס עס האָבן דורכגעזעצט די אַוואַנגאַרד־בריגאַדעס. די דײַטשן זײַנען באַ זיי אַלץ געהאַנגען אַף די פלאַנגען און האָבן זיך געשלאָגן מיט גרויס פאַרצווייפלונג, אָבער די באַשיצונג זייערע האָט שוין אָנגעוואָרן איר פעסטקייט. דער טאַנקען־קלין פון ריבאַלקאָס גרופּע האָט דורכגעלעכערט די היטלעריסטישע פּאָזיציעס, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז ניט נאָר די אייגענע טיילן, נאָר אויך די אַנדערע סאָוועטישע אַרמייען זײַנען אַרויס אַפן אָפּעראַטיוון רוים.

דראַגונסקינ האָט זיך טיף אײַנגעקריצט אין זיקאָרן דער אויסטערלישער מאַרש איבערן אײַנציק־מעגלעכן וועג, וואָס אויך ער איז געווען צעשווענקט פון די קעמפיידערדיקע רעגנס און איז גאָר אופהער באַשאָסן געוואָרן פון קאָלטעוואַ (פון דער רעכטער זײַט) און פון איוואַטשעוו (פון דער לינקער זײַט). ס'איז געווען אומגעהייער שווער צו באַוועגן זיך דורך דעם שמאָלן 6־קילאָמעטערדיקן דורכגאַנג. אָבער די מיליטערישע דרייסטקייט פון דער קאָמאַנדשאַפט איז אין דעם דאָזיקן פאַל געווען אַבסאָליוט גערעכטפערטיקט: זי האָט אויסגעצייכנט געוווּסט די מיליטערישע סיטואַציע באַם סוינע און דערצו די אייגנטימלעכקייטן פון דער לאַנדשאַפט (זײַנע טיפע פעלדער), וואָס האָבן ניט געגעבן דעם סוינע די מעגלעכקייט צו שיסן אין ציל. איז דער אָנגריף טאַקע געווען

גוט באוואָרנט, דורך דעמ, וואָס מע האָט באַלד נאָך דער אינפאַנטעריע אוועקגעלאָזט איינס נאָכאַנאַנדער א ריי טאַנקען־בריגאַדעס, וועלכע האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו פאַרברייטערן דעמ קאָרידאָר.

ניט אומזיסט האָט ריבאַלקאָ נאָכדעמ געזאָגט, אַז כּוֹץ אַלעמ האָט ער זיך פאַרלאָזט אַפ דער מײַסטערשאַפט פון זײַנע קאָמאַנדירן און אַפן קרעטיניזמ פונעמ דײַטשישן שאַבלאָן. און בעעמעס טאַקע: אַנשטאָט ארויסצוציִען זייערע מיליטער־טײלן אַפ א נײַער ליניע, האָבן די דײַטשן אַלץ פאַרגעזעצט פון די פלאַנגען צו שלאָגן אין באַזיס פונעמ קאָרידאָר, מיינענדיק אָפּשנײַדן דאָס סאָוועטישע מיליטער. עמעס, די דײַטשן האָבן זיך צוויי מאָל געהאַט דורכגעריסן צומ דאָרף מאַלי־טראָסטיאַנעץ און איבערגעריסן די באַוועגונג איבערן וועג, אָבער זייערע קליינע טײלן זײַנען לײַכט צעקלאַפּט געוואָרן. אַט אַזוי האָט דער „קאָלטוּווער קאָרידאָר” געבונדן דעמ סוינעמס רעזערוון.

אין א ברייטן פראָנט האָבן די סאָוועטישע מיליטער־טײלן פאַנאַנדערגעוויקלט זייערע אָפּעראַציעס אַפן אָפּעראַטיוון רוימ: זשולטאַנצע, סאָסאָוו, זאָלאָטשעוו, בוסק, קוטקאַזש, יאַוואָראָוו, סודאָוואַיאַ ווישניא — אַט דאָס זײַנען די עטאַפּן, ווו ס'איז צעגראַמירט געוואָרן דער סוינע. עס איז ארומגערינגלט און פאַרניכטעט געוואָרן די בראָדער דײַטשישע גרופּע. דאָס סאָוועטישע מיליטער איז ארויס צו לוואָוו פון צאָפן־זײַט. באַמ טײַך פעלטעוו האָט דער פאָרויס־מאַרש פונעמ סאָוועטישן מיליטער זיך עטוואָס פאַרהאַלטן און דער איבערפאַל האָט פאַרלאָרן דעמ כאַראַקטער פון פּלוצעמדיקײַט, אָבער סײַווי איז דער גורל פון לוואָוו שוין געווען געלייזט. ריבאַלקאָס טאַנקען־גרופּע האָט פאַרצאַמט דעמ וועג צומ טײַך סאַן, פאַרנומענ רודקי, שטערנדיק דער־מיט די דײַטשן אָפּצוטרעטן אַפ דראָרעמ־מערעוו, האָט פאַרכאַפּט סאַמ־באָר און דערמיט אָפּגעשניטן דעמ סוינע דעמ וועג אַפ דאָרעמ. איינ ריבאַלקאָס גרופּע האָט פאַרשטעלט דעמ סוינע דעמ וועג אַפ צוריק אַפ גאָר א ברייטער שטרעקע. פּערעמישל איז געפאַלן פריִער, איי־

דער ס'איז נאָך געקומען געוואָרן לוואָוו. דער מײַך סאַן, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א פעסטע ליניע פון דער דײַטשישער באַשי־צונג, איז פאַקטיש געקומען געוואָרן. נאָך איידער מע האָט צו אים דערגרייכט.

ריבאַלקאָס טאַנקען־גרופּע האָט מײַסטערהאַפט פאַנאַנדערגעשטעלט אירע קרעפטן, פולשטענדיק דיסקאָנטירט די מיליטערישע סיטואַציע, און די ריזיקע, אַפ וועלכער זי איז געגאַנגען, איז געשטיצט געוואָרן דורכן ריכטיקן אויסוואַל פון דער ריכטונג און דורכן אויסערגעוויינ־לעך־שנעלן טעמפּ פון מאַרש. א ווערטעלע צו זאָגן! פאַר 25—35 שעה האָט די אינפאַנטעריע פון דער טאַנקען־גרופּע דורכגעמאַכט 130 קילאָ־מעטער. פאַר 2 וואָכן צײַט האָט די גרופּע דורכגעמאַכט 400 קילאָ־מעטער.

אצינד האָט שוין לוואָוו אָנגעוואָרן זײַן אָפּעראַטיווע באַדײַטונג, די שטאָט האָט מען אָבער געמוזט נעמען. און דאָ האָט אָפּגעשפּילט א גאָר גרויסע ראָליע דראַגונסקים בריגאַדע. פּאַראַלעל מיט דער גרופּע פונעם גענעראַל זיבעראָוו, וואָס האָט אָפּערירט צאָפן־מײַרעווודיקער פון לוואָוו, האָט דראַגונסקי באַקומען די אויפגאַבע אײַנצונעמען די האַראַדאָקער פּאָזיציעס, וואָס זײַנען געווען דער שליסל צום צענטער פון מײַרעוו־אוקראַינע.

פון מײַרעוו־זײַט, גראַד פון דאָרט, וווּהין עס האָבן געווענדט זייערע בליקן אָרומגערינגלטע און צעדריבלטע מיליטער־טיילן פונעם סוינע, האָט דערלאַנגט א זעץ דראַגונסקים בריגאַדע. ביידע צדדים האָבן גוט געוווּסט די באַדײַטונג פון דער דאָזיקער שלאַכט, און דאָס האָט באַשטימט איר אַקשאָנעסדיקן כאַראַקטער. דראַגונסקים בריגאַדע האָט פאַרנומען האַראַדאָק, אָבער באַנאַכט האָט זיך די דײַטשן אײַנגעגעבן דורכצורײַסן זיך אין שטאָט, און די בריגאַדע האָט געמוזט אָפּטרעטן. דראַגונסקי האָט באַזוכט אַלע באַטאַליאָנען און האָט פּײַן אַרײַנגע־טיילט, ווען עס האָט געקומט, האַגאַמ ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די

אופגאבע איז געווען גאָר ניט קיין גרינגע. מע האָט געמוזט פאַרנעמען ניט נאָר האַראַדאָק, נאָר אויך די פּאָזיציעס אהינטער דער שטאָט, און דערביי ניט פאַריאָגן דעם סוינע, נאָר פאַרניכטן אים.

באַטאָג האָט די בריגאַדע באַקומען פרישע קרעפטן.

דער נייער שטורעם האָט געהאַט א פולשטענדיקן דערפאָלג. נאָכן איינעמען האַראַדאָק האָבן די דייטשן דערפילט אַן „אָפּעראַטיווע שטי־קעניש", ווי ריבאַלקאָ האָט זיך אויסגעדריקט, און לוואָוו האָט זיך שוין מער ניט געקאָנט האַלטן. דאָס סאָוועטישע מיליטער איז אַריין אין לוואָוו און האָט נאָכדעם געהערט מיט שטאָלץ און באַפרידיקונג די סאַליוטן פון דער סאָוועטישער הויפּטשטאָט לעקאָוועד אָט דער פרייידיקער געשעעניש, לעקאָוועד די העלדן פונעם אָנגריף.

דראַגונסקי האָט געמעגט זיין אַבסאָליוט צופרידן מיט דער ראָליע פון זיין בריגאַדע אין דער דאָזיקער אָפּעראַציע: דער קאָמאַנדאַרם האָט געזאָגט, אז ווען דער סוינע וואָלט פאַרנומען האַראַדאָק, וואָלט אויסגעקומען אויסצוקערעווען צוריק פון פּערעמישל א גאַנצן מעכאַ־ניזירטן קאָרפּוס.

דער מאַרש איז מיט שלאַכטן געגאַנגען ווייטער, און ס'האָט זיך באַוויזן די מעגלעכקייט א רים טאָן זיך ביז צו דער ווייסל. עס איז געפאַלן יאַראָסלאַוו, עס איז געפאַלן זשעשוּוו. מיט א מעכטיקער פּייַ־ער־וואַנט האָט דער ערשטער אוקראַיִנישער פראָנט זיך דערנעענטערט צום באַרימטן פּוילישן טייך. די נאָענטסטע אופגאַבע איז געווען — פאַרכאַפּן א פּלאַצדאַרם אַפּ זיין מיירעוודיקן ברעג.

אין אַוואַנגאַרד פון דער טאַנקען־גרופּע איז דראַגונסקיס בריגאַדע אַרויס צו דער ווייסל אַרום באַראַנוּוו. דער סוינע איז נאָך געווען פאַרטאָן אין שלאַכטן אין אַנדערע ערטער, און ער האָט ניט באַוויזן קומען צו זיך, ווי די רוסישע אינפאַנטעריע האָט זיך אַפּ פּאַראָמען און שיפלעך שוין אַריבערגעפּעקלט אַפּן אַנדערן ברעג, און איבערן שנעל־אויסגעבויטן פּאָנטאָן־בריק האָבן זיך א לאָז געטאָן די טאַנקען. דראַ־

גונסקים בריגאדע צוזאמען מיט אנדערע מיליטער־טיילן האט זיך ארײַנ־ געשניטן טיף אין די זאמדיקע ראבוועסן אפ יענער זײַט ווײַסל, פאר־ כאפנדיק איינע יזישעוו נאכן אנדערן און פארניכטנדיק קליינע גרופעס דײַטשיש מיליטער.

די געשעענישן, וואס האבן זיך ווײַטער פאנאנדערגעוויקלט, האבן באשטעטיקט, אז אט דער ראשיקער שטורעם־אנגריף איז געווען איינ־ גאנצן אן אומגעריכטער פארן סוינע. דער קאמאנדיר פונעם ערשטן באטאליאן פון דער דאזיקער בריגאדע פיאטר יערעמייעוויטש פיאדא־ ראוו, וואס איז שפעטער געווארן העלד פונעם סאוועטנפארבאנד, האט בעשאסן ארײַנרײַסן זיך מיט זײַן טאנק אין איינעם א דארף געטראפן אפן דארפס־פלאץ עטלעכע צענדליק דײַטשישע סאלדאטן, וואס זײַנען זארגלאז געשטאנען מיט זייערע קעסלעך ארום דער פעלד־קיך. פיאד־ דאראוו האט זיי, פארשטייט זיך, טייקעף אנגעהאדעוועט מיט א היפ־ שער פארציע בלײַ. דער טאנק־קאמאנדיר מאגין איז ארײַנגעפלויגן אין דער שטאט סטאשעוו, האט צעשאסן און צעקוועטשט עטלעכע ווזוואדן ארומשפאצירנדיקע פריצן, האט ארויסגעהאנגען איבער דער שטאט א רויטע פאן און זיך צוריקגעקערט צו דער בריגאדע.

מע האט געקאנט אוועק ווײַט פארויס, אבער די הויפט־קרעפטן פון נעם פראנט זײַנען נאך ניט געווען אנגעקומען. דאס מיליטער, וואס האט פארנומען דעם פלאצדארם דארעם־מײַרעוודיקער פון סאנדא־ מיר, האט געקראגן א באפעל אפצושטעלן זיך, פארפעסטיקן זיך און אויסבויען היפשע פארפעסטיקונגען. פאר עטלעכע מעסלעס איז די דאזיקע אופגאבע אויסגעפילט געווארן. און ס'איז טאקע געווען זייער גוט, וואס אט די אופגאבע איז אויסגעפילט געווארן צו דער צײַט. אכט דײַטשישע טאנקען־דיוויזיעס האבן זיך אווארף געטאן אפן פלאצדארם, וואס די רוסישע האבן פארנומען, קעדיי אראפצושלײַדערן זיי אין טײַך. צען—צוועלף אטאקעס א טאג האבן געמוזט אפשלאגן די סאוועטישע קריגער, די זעלבע קריגער, וואס האבן ערשט געהאט דורכ־

געמאכט אַן אויסערגעוויינלעכ־שווערן 500־קילאָמעטערדיקן מאַרש מיט אומגעהייערע שלאַכטן.

פאַר דראַגונסקין איז געקומען אַ צייט פון נייע נסיונות, וואָס האָבן אים דערמאָנט די טעג, ווען ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַרומרינגלונג אין פּאָוואָלאָטש. עמעס, די צייט איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערע. 23 טעג און 23 נעכט — פינף הונדערט צוויי און פערציק שרעקלעכע שאָען האָט ער זיך געהאַלטן פאַרן קליינינקן „נאַפּל", וווּ יעדער מעטער איז אַדורכגעשאָסן געוואָרן אין אַלע ריכטונגען. עס האָט זיך געדוכט, אַז ס'איז אוממעגלעך אויסצוהאַלטן די קעסיידערדיקע באָמבירונג, דעם אומופהערלעכן פייער־מאַבל, די נאָכאַנאַנדיקע אַטאַקעס.

אַ גרויסע מאָראַלישע שטיצע זיינען פאַר דאָווידן געווען זיינע נאָענטסטע פריינט און כאַווייריםע גאַלאָוואַטשאָוו און סליוסאַרענקאָ, וועלכע האָבן זיך די גאַנצע צייט געפונען צוזאַמען מיט אים אין שלאַכט.

דאָס שלאַכט־לעבן און די געמיינזאַמע מאַרשן האָבן געבראַכט צו דער אויסערגעוויינלעכער פריינטשאַפט פון אָט די כאַווייריםע, פון די „דריי טאַנק־מושקעטיאָרן", ווי מע האָט זיי אָנגערופן, האָגאַמי גאַלאָוואַטשאָוו האָט פון שטענדיק אָן געהערט צו דער אינפאַנטעריע.

דער גוואַרדיע־פּאָלקאָווניק אַלעקסאַנדער אַלעקסייעוויטש גאַלאָוואַטשאָוו, וועמען די קריגער האָבן גערופן „טשאַפּיי", אַ פּאַנטאַסטיש־געוואַגטער און דרייסטער מענטש, איז געווען קאָמאַנדיר פון אַ שכיינעסדיקער מאָטאָמעכאַניזירטער בריגאַדע. דער אוקראַינער זאַכאַר קאַרפּאָוויטש סליוסאַרענקאָ, אַ גוואַרדיע־פּאָלקאָווניק איז געווען קאָמאַנדיר פון אַ שכיינעסדיקער טאַנקען־בריגאַדע. אָנפירנדיק מיט מיליטער־טיילן פון איין און דער זעלבער טאַנקען־גרופּע, האָבן דראַגונסקי, סליוסאַרענקאָ און גאַלאָוואַטשאָוו דורכגעמאַכט די מערהייט שלאַכטן זייט־בײַ־זייט. אָבער אַפילו בייסן אָפּרו האָבן זיי איינער אָן דעם אַנדערן ניט געקאָנט אויסקומען און מע האָט זיך געמוזט זען יעדן טאָג. אויב ניט — איז כאָטש אָנקלינגען איינער דעם אַנדערן דורכן טעלע־

פאַנ. זיי האָבנ געגעבנ א פּײַערלעכע שװוּע שטענדיק ארויסהעלפנ אײי־
נער דעמ אנדערנ. אינ קיינ שומ פאל, וואָס דאָס זאָל ניט קאָסטנ, אײי־
נער דעמ אנדערנ ניט אָפּנארנ אונ צוזאמענ באווײַזנ דעמ דײַטש, ווי
דער שווארצער פּעפּער וואקסט.

ניט געקוקט דערופ, וואָס זיי פלעגנ אינ פּראָצעס פונ שלאכט זיכ
קעסיידער לוסטיק מאכנ איינער איבערנ צווייטנ, האָבנ זיי זיכ אינ־
דערעמעסנ איינס דאָס אנדערע ליב געהאט דאָס נײַעס מיט דער רײנ־
סטער, שטארקסטער אונ הייליקסטער ליבע.

— דרײַ קאָמבריגנ, דרײַ פּאָלקאָווניקעס, דרײַ געשווירענע ברידער!
וואָס קאָנ זײַנ שענער? — פלעגט זאָגנ גאָלאָוואטשאָוו. — איר נעמט
נעקאָמע פאר מײַנע אייגענע, וואָס די דײַטשנ האָבנ פארטיליקט, אונ
איכ — פאר אײַערע. מיט איינ הײמ עטעמענ מיר, צו איינ גליק
שטרעבנ מיר, צו איינ ציל גייענ מיר.

— פונ איינ קוואָרט בראנפנ טרינקענ מיר, — האָט צוגעגעבנ סליו־
סארענקאָ, וועלכער האָט ליב געהאט ענטפערנ מיט א גראמ צו דער
פּראָזע פונעמ „פּאָריקנ אָראטאָר".

אפנ סאנדאָמירער פּלאצדארמ זײַנענ די דרײַ בריגאדעס געשטאנענ
הארט איינער לעבנ דער אנדערער, אײַנגעגראָבנ אינ דער ערד, שיטנ־
דיק מיט פײַער. אינ די זעלטענע פרײַע מינוטנ פלעגנ די פרײַנט דורכ
די טראנשייעס זיכ אָראָפּכאָפּנ איינער צומ אנדערנ, אונ די דאָזיקע
באגעגענישנ האָבנ זיי צוגעגעבנ א סאכ מוט. די שרעקלאָזיקײַט פונ
אלע דרײַ איז געוואָרנ א שעמ־דאָוואָר. אָבער די מוירעדיקע נערוונ־
אָנשטרענגונג האָט געמוזט קריגנ אנ אויסוועג. אונ זיי האָבנ זיכ
אָפּט געכאָכמעט.

— א מײַוולאָניש פײַער! — האָט זיכ גאָלאָוואטשאָוו געזידלט. —
אפ יעדער מעטער ערד שפּאנט ארומ דער מאלעכ־האמאָוועס.

— דער מאלעכ־האמאָוועס טרײַבט ניט קיינ קאָטאָוועס, — האָט
צוגעגעבנ סליוסארענקאָ.

דאָוויד האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט:

— איך האָב דעם מאַלעך־האַמאָוועס ווידער אָנגעריבן א מאָרדע, — האָט ער באַמערקט. — פאַרשטייסט דאָך, אז ער האָט אף מיר א גוטן סימען.

— פאַרוואָס עפּעס דאַפקע אף דיר? — האָט זיך פאַרווּנדערט גאַלאָוואַטשאָוו.

— פאַרשטייסט א מײַסע, סאַשאַ. בא אונדז, ייִדן, גיט מען ביים א קרענק א צווייטן נאָמען. אָט, לעמאָשל, אײנער האָט געהייסן בער. און אז ער איז געפערלעך קראַנק געוואָרן, האָט מען אים צוגעגעבן דעם נאָמען כאַיִם. הייסט ער שוין אַצינד כאַיִם־בער. אז דער מאַלעך־האַמאָוועס קומט צונעמען בערן, ווייסט ער ניט. וואָס זאָל ער טאָן. וועמען זאָל ער נעמען — ווער איז דאָ כאַיִם, און ווער איז דאָ בער. און עס טרעפט טאַקע, אז דער מענטש בלײַבט לעבן. אַלע מײַנע ברידער האָבן אויך געהאַט צווייענדיקע נעמען, אַשטייגער: זאַלמען־מאָטע. פראָיִם־זעליק. און מיר האָט מען געגעבן נאָר איין נאָמען — דאָוויד. איך האָב דערפאַר שטאַרק פאַריבל געהאַט אפן טאַטן. דאָ, אין אונדזער געגנעם, איז טאַקע א געפאַר צו לעבן מיט איין נאָמען. נאָר איך האָב זיך מײַן כעזשבן מיטן מאַלעך־האַמאָוועס. ביים אונדזערע פריִערדיקע באַגעגענישן האָט ער בא מיר געכאַפּט אזא מאַפּאָלע, אז ער וועט זיך שוין מער ניט דערוועגן צוצוגיין נאָענט...

און דאָך איז דער מאַלעך־האַמאָוועס צוגעטראָטן צו אים גאַנץ נאָענט. די בריגאַדע איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט, און מיט בלוט האָט זיך באַגאָסן דראַגונסקיס האַרץ. בא יעטווידער אַטאַקע פונעם סוינע האָט ער זיך געפונען צווישן די רויטאַרמייער, אופמונטערנדיק זיי מיט זײַן רויִקײַט, מיט זײַנם א שאַרף וואָרט, מיט זײַן דרייסטן צוגאַנג צו לייזן יעטווידע פראַגע. ריבאַלקאָ איז ניט געווען אימשטאַנד אַרויסצוהעלפן אים, און די בריגאַדע האָט איבערגעלעבט א שווער שטיקל צײַט.

אָפּשלאָגן א דײַטשישע אטאקע איז געװען א העלדנ־טאט און דורכ־לעבן א מעשׂלעס אין אָט דעמ גענעמ איז געװען א נעס.

— מע מוז אונדז צװוארפן א ביסל פרישע קרעפטן, — האָט איינ־מאָל גאַלאָװאטשאָװ געזאָגט, װען ער איז אדורכגעקראָכן דורכ די טראנ־שייען צו דראגונסקינ אינ בלינדאזש, — אניט װעלן מיר דאָ פאר־פאלן גיינ...

דאָװיד האָט אָנגעקלונגען ריבאלקאָס שטעלפארטרעטער:

— כאװער גענעראל! מיר שלאָגן זיכ, װי די טײַװלאָנימ, אָבער אז איר װעט אונדז ניט ארויסהעלפן, װעלן מיר ניט אויסהאלטן. װארפט אונדז כאָטש עפּעס־װאָס צו...

— װי שעמסטו זיכ ניט, פּאָלקאָװניק! — האָט זיכ דערהערט אינ טרײַבל די שטימ פונעמ גענעראל־מאיאָר מיטראָפאנאָװ. — נעמ זיכ בעסער אראָפּ א מוסטער פונ גאַלאָװאטשאָװן. אימ איז דען גרינגער פונ דיר? פארװאָס בעט ער בא מיר גאָרניט?

דאָװיד האָט פארשעמט אװעקגעלייגט דאָס טרײַבל און איבער־געגעבן גאַלאָװאטשאָװן דעמ גענעראלס װערטער.

— װאָס הייסט! — איז יענער געװאָרן א צעקאָכטער. — אָט װעל איכ אימ אליינ באלד אָנקלינגען...

— װי שעמסטו זיכ ניט, פּאָלקאָװניק! — האָט „טשאפּײַ" דער־הערט מיטראָפאנאָװס שטימ. — װאָלסטו זיכ שוינ בעסער אראָפּגע־נומען א מוסטער פונ דראגונסקינ, אימ איז זייער שװער, און דאָכ בעט ער ניט קיינ מענטשן בא מיר.

ביידע כאװײרימ האָבן זיכ צעלאכט, כאָטש ס'איז געװען גאָר ניט פרייליכ אפן הארצן.

— ניט איז ניט, — האָט גאַלאָװאטשאָװ געזאָגט. — זײַ געזונט. א'כ קריכ װײַטער מילכאָמע האלטן.

אינ עטלעכע טעג ארומ האָט דראגונסקינ אָנגעקלונגען ריבאלקאָ. ער

פלעגט גאנצ אָפט קלינגענ דעמ קאָמבריג, אָבער דאָס מאָל זײַנענ זײַנע ווערטער געווענ גאָר אומגעריכטע פאר דראגונסקינ.

— דראגונסקי! איך האָב אײַך שטענדיק געהאלטנ פאר אנ אָרנטלעכנ מענטשנ, אונ איר זײַט גאָר, ווײַזט זיך ארויס, א מי־יעדייע־וואָס. בא אײַך זאָל א ראָטע אָפּטרעטנ אפ א פּאָר צענדליק מעטער צוריק? איר ווייסט, וואָס דאָס באטײַט?

— די לאגע איז אופגעשטעלט געוואָרנ, כאווער גווארדיע־גענעראל־פּאָלקאָווניק! — האָט מיט א פארשטיקט קאָל פונ צאר אָפּגעענטפערט דאָוויד, — אזוינס וועט זיך מער ניט איבערכאזערנ, כאָטש שטאָל, זאָלט איר וויסנ, ברעכט זיך אויך. איך שלאָג זיך ביז דער לעצטער מעגלעכקײַט, אונ איך מיינ, אז איר ווייסט מײַנ לאגע.

— איך ווייס, — האָט שוינ גאָר אינ אנ אנדער טאָנ געענטפערט דער קאָמאנדיר, — נאָר איך וועל זיך ניט שעמענ אראָפּשינדנ פונ אײַך די הויט.

עס זײַנענ פארלאָפנ צוואנציק מעסלעס פונ אָט דער בײַשפּילהאָזער באשיצונג — אונ דעמ סוינעס אקטיוויקײַט האָט אָנגעהויבנ שוואכער ווערנ. די ריזיקע דײַטשישע טאנקענ, די טאָניקע באָמבעס, די קעסיידערדיקע אטאקעס האָבנ גאָרניט געקאָנט מאכנ מיט די סאָוועטישע העלדנ. כוץ דעמ, האָט דער אָנגריפּ פונ די שכיינעסדיקע סאָוועטישע פראָנטנ געצוווּנגענ די דײַטשנ אריבערצוּווארפנ אייניקע טיילנ פונ די, וואָס זײַנענ געשטאנענ דאָרעמ־מײַרעוודיקער פונ סאנדאָמיר, אינ אנדערע ערטער.

דראגונסקי האָט איבערגעגעבנ זײַנ שוץ־באצירק דעמ מיליטער־טייל, וואָס איז אימ געקומענ צו פארבײַטנ, ווענ עס איז שוינ דאָ געווענ פארהעלטנישמעסיק שטיל. זײַנ בריגאדע צוזאמענ מיט די אנדערע טיילנ פונ דער טאנקענ־גרופּע האָט אויסגעהאלטנ די גאנצע שווערי־קײַט פונעמ קאמפּ אפנ פּלאצדארמ, וואָס איז נאָכדעמ געוואָרנ דער טראמפּלינ פארנ שפּרונג צומ אָדער.

ביז גאָר מאָדנע האָט זיך דאָוויד דערפילט אצינד, ווען פונעם פראָנט, בייסנ אָפּרו. איז ער, הייסט עס, נאָכאמאָל ביַיגעקומענ דעם טויט. דער מאלעכ־האמאָוועס איז ווידער פארטריבנ געוואָרנ מיט בושע.

לעקאָוועד דעם אָפּרו האָבנ די דריַ טאנק־מושקעטיאָרנ איַינגע־אָרדנט בא זיך א פריילעכע הוליאנקע, ביים וועלכער זיי האָבנ זיך קעסיידער געכאָכמעט איינער איבערנ אנדערנ און געקוקט איינער אפנ אנדערנ מיט גליקלעכע, פארליבטע אויגנ.

אינ א קורצער צייט ארום האָט ריבאלקאָ זיי אלע דריַ ארויסגע־רופנ צו זיך, שמייכלענדיק זיי דערמאָנט פארשיידענע קליינע פע־לערנ, אויכ ניט פארגעסנ איבערצוכאזערנ, אז ער האָט צוגעזאָגט אראָפּשינדנ פונ דאָווידנ די הויט, און צום שלום האָט ער זיי אלע דריַ גראטולירט מיט דער העכסטער באלוינונג פונ סאָוועטנלאנד.

אזוי איז דאָוויד דראגונסקי געוואָרנ העלד פונעם סאָוועטנפארבאנד.

11

מיט גרויס פרייד האָט די גאנצע בריגאדע באגעגנט דעם באליבטנ קאָמבריג, ווענ ער האָט זיך באוויזנ מיט דעם „גאָלדענעמ שטערנ" און לענינ־אָרדענ אפ דער ברוסט. עס האָט פאר איר גאָר ניט געקאָנט זיַינ קיינ גרעסערער יאָמטעוו. און ווענ דער פּאָלקאָווניק דראגונסקי איז אריַינגעקומענ אינ זאל, וווּ ער האָט אינ נאָמענ פונעם אויבער־ראט פונ סאָוועטנפארבאנד געדארפט איבערגעבנ אָרדענס און מעדאלנ זיַינע קריגער און אָפיצערנ, האָבנ זיי אים אליינ איַינגעאָרדנט אנ אָוואציע. עס האָבנ היים אפּלאָדירט די קאָמבאטנ און די ראָטנע קאָ־מאנדירנ, די פּאָשעטע טאנקיסטנ און די אווטאָמאטלער, די ארטילע־ריסטנ און די אויסשפּירער, די קוילנווארפלער און די מעכאניקער, די פארבינדלער און די סאפּיאָרנ, די סאניטארנ און דאָקטוירים. איטלע־כער פונ זיי האָט, דערמאָנענדיק זיך זיַינ שלאכט־וועג, וואָס ער האָט

דורכגעמאכט צוזאמען מיטן בריגאדע־קאָמאנדיר, געהאט דאָס רעכט צו רעכענען זיך פאר זיין נאָענטסטן כאַווער און פריינט. און דראגונסקי איז דאָך געווען אויסערסט־שטרענג אין אַלע פראגן, וואָס זיינען שייעך מיליטער־דינסט.

אָט שטייען אין דער ריי צו באקומען זייער באַלוינונג די אָפיצערן פּיאָדאָראָוו, גולעוואטי און אָסאדטשי — קאָמאנדירן פון טאנקען־באטאַליאָנען. וויפל מי האָט ער אריינגעלייגט אין אָפּשלייפן זייער אָפיצעריש וויסן, אין אויספורעמען זייער ארמייִשן כאראקטער און ווילן! יאָ, אָפּ זיי קאָן מען זיך פארלאָזן, אַזעלכע וועלן ניט אונטערפירן.

אָט שטייט דער טאנק־קאָמאנדיר וואסילי אוסקאָוו און דער טאנק־פירער קלים מאָקראָוו. דאָס זיינען אויסגעצייכנטע מענטשן! דעם 1 אויגוסט 1943 האָבן זיי באקומען א T—34. די מאשין איז געווען „ענלעך אָפּ א שעד”, ווי אוסקאָוו האָט זיך אויסגעדריקט. די זאָרגפולע מאנשאפט האָט געמאכט פונעם טאנק א ליאַלקע. דער טאנק האָט זיך געשלאָגן באַם דניעפּער, בא לוואָוו, בא פערעמישל, בא טארנאָפּאָל. ער האָט אריבערגעשפּאנט די ווייסל און זיך געשלאָגן אָפּן פלאצדארם. אונטער זיינע קייטן האָבן געטרעשטשעט די ביינער פון הונדערטער דייטשן, די קערפּערס פון זייערע הארמאטן, די מיילער פון זייערע קוילנוואַרפער און מינענוואַרפער. דאָס פייער פונעם טאנק האָט פארניכטעט דייטשישע באטארייעס, בונקערס און אָן א שיר דייטשישע סאָלדאטן. מע זאָל אויספירלעך דערציילן וועגן די העלדנטאטן פון אוסקאָווס עקיפּאַזש, וואָלט מען געקאָנט אָנשרייבן א צענדליק ביכער. אָבער די זאַך באשטייט ניט נאָר אין די העלדנטאטן. דער מאָטאָר פונעם טאנק האָט שוין לאַנג אריבערגעכאַפּט זיין נאָרמע מאָטאָר־לעבן. עס האָט זיך אָפּגעניצט זיין מעכאניזם, ס'איז אָפּגעקראָכן די פארב, די מאשין האָט אַזוי געררייכערט, אַז פונוויינטן האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז זי ברענט. און דאָך האָבן די צוויי טאנקיסטן אוסקאָוו און מאָקראָוו

זיכ ניט אריבערגעזעצט אפ קיינ אנדער טאנק. אינ ליבע שטעקט א גרויסע קראפט. אונ ליבע — ניט עפעס אנדעריש — האט מענ געקאנט אנרופנ זייער באציִונג צומ טאנק, ווי פארליבטע זיינענ זיי ארומגעגאנגענ ארומ דער מאשינ, אונ מיט דער מאשינ בא זיי אינ די הענט האט מענ נאכ געקאנט מילכאמע האלטנ אונ מילכאמע האלטנ.

דראגונסקי האט קעסיידער געהאלטנ אינ אויג דעמ טאנק ,,100״. ארומ לוואוו האט ער ארויסגערופנ אוסקאווג אונ מאקראווג אונ האט צו זיי אזוי געזאגט:

— אויב איר וועט דערפירנ דעמ טאנק ביזנ סאנ, אפילע ניט מילכאמע האלטנדיק, זייט איר ווערט אנ ארדענ.

אונ זיי האבנ אימ גאר דערפירט ביז צומ פאדערשטנ ראנד פונעמ סאנדאמירער פלאצדארמ, ניט ארויסקריכנדיק די גאנצע צייט פונ שלאכט. אפגעגעבנ האבנ זיי אימ ערשט אינ א יאר ארומ! אונ דורכגעמאכט האט דער טאנק 2800 קילאמעטער, דאס הייסט, איבערגעשטיגנ אינצווייענ די נארמע, וואס דער מאטאר דארפ אפארבעטנ.

דראגונסקי האט איבערגעגעבנ אוסקאווג אונ מאקראווג ארדענס פונ דער פאטערלענדישער מילכאמע פאר זייערע שלאכט־פארדינסטנ אונ גלייכצייטיק יעדערנ צו אנ ארדענ פונ ,,רויטנ שטערנ״ פארנ אופהיטנ די מאשינ, פאר זייער הערויש־ווירטואזער מייסטערשאפט.

דראגונסקי האט קיינמאל ניט פארגעסנ צוצושטעלנ זיינע קריגער אונ אפיצערנ צו באלוינונג פאר זייערע פארדינסטנ. ער האט זיי אלע געקענט בא די נעמענ אונ פאמיליעס, ער האט געוווסט די שלאכטטעטיקייט פונ יעדנ איינציקנ פונ זיי, יעדנס מיילעס אונ כעסרוינעס, יעדנס העלדנטאטנ אונ דורכפאלנ.

— פארוואס זייט איר ניט באלוינט? — ווענדט זיכ דער קאמבריג אמאל צו א סערזשאנט.

— איכ ווייס ניט, כאווער גווארדיע־פאלקאווניק!

— ער, עפישער, ווייסט טאקע ניט, — פלעגט דראגונסקי נאכדעמ

פירוואָרפן דעם קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן. — אָבער איר זײַט עס מיט־בויעו צו ווייסן. טייקעף בעסערט אויס אײַער פעלער.

פאַרקערט אָבער, ווען עמעצער פלעגט אַפּן קאָל אויסדריקן זײַן אומצופרידנקייט דערמיט, וואָס ער האָט נאָך ניט באַקומען קיין באַלוינונג, פלעגט דער קאָמבריג פאַר אַלע אין די אויגן דערקלערן:

— צו פרי, צו פרי. באַם דריטן וועלדל באַ קוליקווו, געדענקט איר, האָט איר פאַרשפּעטיקט אַפּ אַ שעה, און ביכלאַל האָט איר דאָרט אַרויסגעוויזן ניט גענוג איניציאַטיוו. נאָכדעם האָט איר אַ האַלבן מעסלעם נאָכאַנאַנד געזוכט די פלאַנגען אינעם סוינעס שוץ־ליניע.

קיין זאַך האָט ניט אויסגעמיטן זײַן אויפמערקזאַם, שאַרפ אויג.

באַם עלטערן לייטענאַנט איוואַן פיאָדאָראָוו זײַנען דרײַ טאַנקען געבליבן שטעקן אין אַ ריוו. דראַגונסקי האָט אים אָנגערופן פּאַכדן. פיאָדאָראָוו האָט אַרויסגעפירט די טאַנקען, האָט זיך אַרײַנגעריסן אין אַ יישעוו, און האָט אים אײַנגענומען. דעם זעלבן אָוונט האָט אים דאָוויד דראַגונסקי אין נאָמען פון דער רעגירונג איבערגעגעבן אַן אָרדען פון „רויטן שטערן".

אָט שטייען דאָ דער טאַנק־קאָמאַנדיר מאַנין און דער אַרטילעריסט אַבראַמאָוויטש. מיט אַזוינע קריגער קאָן מען מילכאָמע האַלטן. אָט זײַנען די פאַרטרעטער פון די קאָמבאַטן פאַר פּאָליטישער אַרבעט. דאָס זײַנען בײַשפּיללאָז־געוואַגטע מענטשן און אָרגאַניזאַטאָרן.

אָבער אַלע מענטשן פון דער בריגאַדע דאַרף מען פירן און לערנען. יעדער סאָוועטישער מיליטער־אָנפירער דאַרף זײַן אַ פּעדאַגאָג און אַ האַרץ־קענער. אָט דעם מענטשן דאַרף מען שיקן אַהין, אין יענעם טאָר מען דאַפקע אין דעם אָרט ניט שיקן. איינער קאָן זיך בעסער פאַר אַלץ אַרויסווײַזן אין אַ פּלוצעמדיקן דרייסטן העלדנטאַט, און דער אַנדערער, פאַרקערט, אין אַ שלאַכט, וואָס וויקלט זיך פּאַנאַנדער פּלאַנמעסיק. איינער טראַכט לאַנגזאַם, דער אַנדערער איז ניט גענוג געשולט, דער דריטער איז צעבראַסטעט. איינער קאָן זעלבשטענדיק אָפּערירן,

ארויסוויזן איניציאַטיוו, און דער אַנדערער קאָן דאָס ניט, האָט ליב, מע זאָל אים פירן פאַר דער האַנט.

מע דאַרף זיי אַלעמען קענען, און אַמאָל דאַרף מען דאָס דער־שפּירן בעכוש, צי טויג דער אָדער יענער מענטש אויף דער און דער אַרבעט אָדער ניט. מע דאַרף זיי האַלטן אין די הענט, די אַלע נעשאָ־מעס, סייכלס און ווילנס, דעראָבערן די מאַכט איבער זיי דורך דער אייגענער מוסטערהאַפטער אַרמייִשער דינסט און דורכן פּערזענלעכן מענטשלעכן כיין, דעראָבערן דעם צוטרוי זייערן, ניט דורך כניפעס אָדער דורך קליינע האַנאָכעס, נאָר דורך אַזאַ באַציִונג, וואָס אַנטהאַלט אין זיך שטרענגע פאָדערונג פון אַ קאָמאַנדיר און אַכטונג צו דעם מענטשנס פּערזענלעכקייט.

זיי זײַנען אַ סאַך, מע טאָר אָבער קיינמאָל קיינעם ניט אַרויסלאָזן פון אויג, מע דאַרף קעסיידער קאָנטראָלירן און העלפן, אויפמונטערן אָדער באַשטראָפן, אָפּזידלען אָדער אַן אייצע געבן. און אָט אַזוי שאַפט זיך אַן אומבאַזיגבאַרע מאָנאָליטישע קראַפט, וואָס איז פּייַיק אויפצוטאָן וווּנדער. דאָס איז אַ מיליטער־טייל, דאָס איז סאָוועטיש מיליטער, ערשטקלאַסיק מיליטער, דאָס איז די בעסטע אַרמיי אין דער וועלט.

אָט שטייען פון פאָרנט די אויסשפּירער. דער גיגאַנט סעראַזשימאָוו, דער פּיפּיקער טינדראַ, דער לעצ און אָפּשפּעטער ליסונאָוו, דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד נאָוויקאָוו. ס'איז ניטאָ אַזאַ ליניע, וואָס זיי זאָלן ניט האָבן דורכגעגאַנגען, ס'איז ניטאָ אַזאַ אָרט באַם סוינע, וווּ־הין זיי זאָלן ניט האָבן אַדורכגעדרונגען, ס'איז ניטאָ אַזאַ געפאַר, וואָס זאָל זיי געווען דערשרעקן. גייען זיי אַוועק אויף דער „אַרבעט", מעג מען זײַן זיכער, אַז זיי וועלן ברענגען אַ „צונג", אַ געפאַנגענעם דײַטש, הייסט עס, אַזוי אויך יעדיִעס וועגן סוינע. ליסונאָוו האָט נאָך, כוץ אַלעמ, געקענט דײַטש און ער האָט דאָס אויסגעצייכנט אויסגע־נוצט אין זײַן אויסשפּירערישער אַרבעט.

ארויסגעגעבן די אָרדענס און מעדאַלן, האָט דראַגונסקי געזאָגט:

— די בעסטע באַלוינונג פאַר א קריגער איז די מעגלעכקייט נאָך־אַמאָל אויסצוצייכענענ זיך. די ארמיי וועט אונדז געבנ די דאָזיקע מעגלעכקייט אינ דער נאָענטסטער צייט. גרייט זיך דערצו, ווי עס פּאסט פאַר גווארדייער, שלאָגט זיך, ווי עס פּאסט פאַר גווארדייער. איכ זאָג אייַכ צו, אז די קומענדיקע אָרדענס וועט איר שוינ קריגנ אפּ דער טעריטאָריע פונעם סוינע. קיינ דערווידערונגענ זייַנענ ניטאָ?

12

ס'איז א מאָדנע געפיל, ווענ מע טרעפט אָנ ווידער אפנ זעלבנ אָרט, ווו ס'האָט נאָכ ניט לאַנג געבושעוועט די שלאַכט, אונ מע דער־זעט — עס איז גאָר שטיל, זעלטנ־ווענ סע הערט זיכ א שיטערע שי־סערייַ, פונ צייַט צו צייַט — א פארשלאָפענער שאָס פונ א הארמאט. ס'איז דאָ גאָר געוואָרנ א שטיל „פארוואָרפנ" ווינקל פונ א שוצ־ליניע.

ווידער דער סאנדאָמירער פּלאַצדארם. די זעלבע פּאָזיציעס, די זעלבע טראנשייענ אונ בלינדאזשנ. אָבער דאָס „פארגעסענע ווינקל", וואָס האָט אויסערלעכ אויסגעזענ אזוי שטיל אונ רויק, האָט אייַנגעזאפּט אינ זיכ אזא געדיכטע באפעלקערונג, אז ס'איז שווער געווענ דאָרט א קער צו טאָנ זיכ. אָפּצוטאָנ אזא שטיקל ארבעט — געהיימ אונ אומבאמערקט פאַרנ סוינע קאָנצענטרירנ ריזיקע מאסנ מיליטער — האָבנ געקענט נאָר דערפארנסטע כאַזיל־פירער אונ אויסגעצייכנט־גע־שולטע סאָלדאטנ.

די דייַטשנ האָבנ פארמאָגט ביזנ אָדער זיבנ שוצ־ליניעס, דער־הויפּט בא די וואסער־באריערנ: נידא, פּיליצא, ווארטא. די באפעס־טיקונגענ פונ די דאָזיקע שוצ־ליניעס האָבנ מיט זיכ פאָרגעשטעלט שעדעווערנ פונ דער אינזשעניער־קונסט. די באפעסטיקונגענ קאָנענ אָבער שפּילנ זייער ראָליע בלויז דאַנ, ווענ זיי זייַנענ פּול מיט מילי־טער. אויב עס געפינענ זיכ אינ זיי ווייניק סאָלדאטנ, איז עס בלויז

הוילער בעטאָן און ריוון, פײַער־פּונקטן און שמועס־דראָט. פֿארשטייט זיך, די דײַטשישע סאָלדאטן, וואָס לויפֿן פֿון די פֿארלאָרענע פּאָזיציעס, קאָנען צוקומען אהער און פֿארנעמען זיי. אָבער ניט שטענדיק גיט זיך עס אײַן. ווען מע זאָל זיי פֿארלויפֿן דעם וועג, ס׳הייסט, אז אונדזער מיליטער זאָל פֿארנעמען די נײַע ליניע, נאָך איידער די דײַטשן וועלן צו איר דערלויפֿן, דאן איז אויס מיט די פֿארפֿעסטיקונגען, מיט די ברונאָ־ספּיראלן, מיט די מינען־פֿעלדער, מיט אלץ מיטאנאנדער. דאָס, וואָס האָט געזאָלט דינען פֿאר א רעטונג, ווערט דעמלט אן אומגליק.

אָט פֿארוואָס די הויפּט־אויפֿגאבע, וואָס דער מארשאל קאָניעוו האָט באַשטימט און דער גענעראל־פּאָלקאָווניק ריבאלקאָ האָט פֿאנאנדערגעארבעט, איז באשטאנען טאקע דערין, אז דאָס סאָוועטישע מיליטער זאָל, פּונקט אזוי ווי דאָס איז געווען אפֿן סאן און אפֿן ווײַסל, ניט בלויז צעשמעטערן די דײַטשישע כאיאַלעס, נאָר א וואָרף טאָן אף זיי טאנקען־מעטעאָרן, וואָס זאָלן פֿארלויפֿן דעם וועג און פֿארכאפּן די שוץ־ליניעס בא נידא און פּיליצא, נאָך איידער די אָפּטרעטנדיקע טיילן פֿונעם סוינע וועלן צו זיי דערגרייכן.

דעם 12 יאנוואר 1945 האָט זיך פֿונעם סאנדאָמירער פּלאצדארם א לאָז געטאָן אף די דײַטשישע פּאָזיציעס אן עמעסער טאנקען־וויכער. אין דער צײַט, ווען די הויפּט־קרעפֿטן פֿון דער רוסישער ארמיי האָבן גראָמירט דאָס דײַטשישע מיליטער, האָבן עטלעכע אוואנגארדישע טאנקען־באטאליאָנען, ניט פֿארקניפּנדיק קיין שלאכט, זיך אדורכגעטראָגן דורך דער דיסלאָקאציע פֿונעם סוינע און צו אכט אזייגער אינדערפֿרי דעם 13 יאנוואר זײַנען זיי שוין געווען ארויס צום טײַך נידא. דאָס דינע אײַז־הײַטל האָט זיי געשטערט אריבערצוגיין דעם טײַך. דאן האָבן די טאנקען אויפֿגעעפֿנט א שטארק פֿײַער איבערן אײַז און איבער דער דאמבע, דאָס וואסער איז געפֿאלן, און די טאנקען זײַנען אדורך דעם טײַך.

די באַפעסטיקטע פײַער־פּונקטן, די טראַנשייען און שטעכ־דראָט-
די מינען־פעלדער און די קעגנטאַנקען־רוון, צו 8 מעטער די ברייט
און 2,5 מעטער די טיף, וואָס האָבן זיך געצויגן אַף צענדליקער קילאָ־
מעטער, — אַלץ איז אַצינד געבליבן בא די סאָוועטישע אַרמייען.

דראַגונסקים בריגאַדע איז ביז נידא געווען אין רעזערוו. דראַגונסקי
האָט זיך ניט געקאָנט אָנקוויקן מיט די נײַנקע טאַנקען, מיט די פאַר־
פולקומטע האַרמאַטן, וואָס ער האָט ערעוו דעם אָנגריף באַקומען אַזוי־
פיל, וויפל די בריגאַדע האָט פריִער קיינמאָל ניט געהאַט. א פולער קאָמ־
פּלעקט טאַנקען, האַרמאַטן, קוילנוואַרפער און אַלערליי אַנדערע מי־
נים געווער. און דאָס אַלץ — פון דער העכסטער קוואַליטעט, פון
בעסטן מוסטער. יאָ, אָט אַזא איז דאָס סאָוועטנלאַנד. וואָס מער מע
האַלט מילכאָמע, אַלץ מער ווערט בא דעם טאַנקען און עראָפּלאַנען,
האַרמאַטן און אויטאָמאַטן און אַפילע, דוכט זיך, סאָלדאַטן. די באַ־
וואָפענונג איז אייגענע, פּאַטערלענדישע, סאָוועטישע.

סטאַלינס געניַ און דער געני פונעם סאָוועטישן פאָלק — פון אָט
דער גרויסער סאָציאַליסטישער פעלקער־געמיינשאַפט — האָבן געשאַפן
אַזוינס, וואָס איז, דוכט זיך, ניט דענקבאַר, אומעגלעך — געשאַפן
עמעסן וווּנדער.

נאָכ נידא האָט דראַגונסקים בריגאַדע זיך אוועקגעלאָזט אַפ דער שטאָט
יענדזשעיוו. דער מאַרש איז געווען אַזא ראַשיקער, אַז די גאַנצע אַר־
טילעריע, וואָס די בריגאַדע האָט באַקומען צו הילף, איז געבליבן פון
הינטן. וואָס זשע טוט מען? אָפּוואַרטן א שאָ צוויי — דרײַ, פאַרלירן־
דיק דערבײַ די אומגעריכטקײַט פונעם קלאַפּ, אָדער טייקעף אַרײַנ־
טרעטן אין שלאַכט? דער קאָמבריג האָט באַשלאָסן אַרײַנטרעטן אין
שלאַכט.

די באַטאַליאָנען האָבן אָנגענומען זייער שלאַכט־אָרדענונג און
אָנגעהויבן די אַטאַקע. אין שטאָט איז נאָכ געווען א היפּש ביסל
דײַטשישע קרעפטן, און דאָס פײַער, מיט וועלכן זיי האָבן באַגעגנט די

סאָוועטישע קריגער אפ די וועגן צו דער שטאָט, איז געווען זייער געדיכט. די אינפאנטעריע־ראָטעס, וואָס זײַנען געזעסן אפ די טאנקען, זײַנען אראָפּגעשפּרונגען אפ דער ערד, געבליבן ליגן, איבערוואַרטנדיק דאָס פײַער. דעמלט איז דראַגונסקי אפ א ווילים „צוגעשפּרונגען" צום פאָדערשטן ראַנד. אין אַזעלכע רעגעס, ווען דאָס איז געווען אבסאָליוט נייטיק, האָט דראַגונסקי שטענדיק ריזיקירט מיטן אייגענעם לעבן אָן קיין סימען פון באַרימערײַ און אָן מינדסטער שרעק. און אָט איז אָנגעקומען גראָד אזא רעגע. דערזען נעבן זיך דעם פּאָלקאָווניק, האָבן די ראָטעס זיך אופגעהויבן אין שלאַכט און האָבן זיך שוין מער ניט אָפּגעשטעלט ביז יענדזשעיוו איז געווען גענומען. די גאַסן פון דער שטאָט זײַנען באַדעקט געוואָרן מיט קופּעס טויטע דײַטשן.

— מיר האָבן הײַנט זיך גוט אָפּגערעכנט פאַר די 74 געשאָכטענע דראַגונסקיס, — האָט צו דאָווידן א זאָג געטאָן דער קאָמבאַט פּיאָטר פּיאַדאָראָוו.

דער קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע האָט מיט פאַרגעניגן געקוקט אפ די רויטאַרמייער, וועלכע האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין א טאַנץ אפן שטאָט־פּלאַץ פון יענדזשעיוו.

— אָט אזוי וועלן מיר זיך אויסטאַנצן אפ די בערלינער פּלעצער! — האָט דאָוויד פרײַלעך געזאָגט.

אָבער צו בערלין איז נאָך געווען גאַנץ ווײַט. לעסאַטע האָט מען נאָך געדאַרפט נעמען די שטאָט וועליון. אין דער ריכטונג צו וועליון זײַנען אָפּגעטראָטן די צעקלאַפּטע דײַטשישע טיילן. דער בריק איבערן טײַך איז געווען אופגעריסן און ארום שטאָט האָט געבושעוועט אַן ערעוו־ראַוו פון דײַטשישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך ווי דולע ארומגעטראָגן אין פּאַניק. די קאָמאַנדע־אָנפירונג האָט באַפוילן אַרײַנעמען אין צוואַנג אָט דעם ערעוו־ראַוו צוזאַמען מיט דער שטאָט און פאַרניכטן די צעשפּליטערטע דײַטשישע אָטריאַדן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צו וועליון איז נאָך אויך גאַנץ ווײַט.

אָבער ניט צום ערשטן מאָל איז דער בריגאַדע אויסגעקומען דורכמאַכן גלענצנדיקע ראַשיקע מאַרשן. די 120 קילאָמעטער ביז וועליונג האָט די בריגאַדע דורכגעמאַכט אויסגעצייכנט. אַפֿן צווייטן טאָג פֿאַרנאַכט האָט זיך שוין פֿונוויַיטן באַוויזן די שטאָט.

וועליונג איז איַינגענומען געוואָרן גלייַך פֿון מאַרש, און די דיַיטשי־שע טיילן זייַנען צעקלאַפּט געוואָרן אַף פּיץ־פּיצלעך.

— מיר האָבן היַינט זיך גוט אָפּגערעכנט אי פֿאַר אַנדערע, אי פֿאַר מייַנע אייגענע, — האָט דראַגונסקי געזאָגט צום פֿאַרטרעטער פֿונעם קאָמאַנדיר פֿונעם ערשטן באַטאַליאָן פֿאַר פּאָליטישער אַרבעט, צום מעיושעוודיקן אוקראַיִנער מאַלאַנושענקאָ און צו איינעם פֿון די רויט־אַרמייער דעם גרוזינער פּיַיטשאַדזע.

דער ענטוזיאַזם פֿון די זיגער איז געווען ניט צו באַשרייַבן. אָט־אָט איז שוין די דיַיטשישע גרענעץ. מע האָט גאָר געמוזט איַינהאַלטן די ראָטעס, און ניט אונטעריאָגן זיי. פֿאַרניכטנדיק אַפֿן וועג די דיַיטשי־שע קרעפֿטן, האָט די בריגאַדע וויַיטער מאַרשירט צום אָדער. די דיַיטשן האָבן פֿאַרלאָרן די פֿאַרשטעלונג, ווו איז דער פֿראָנט, אַזוי טיף האָבן זיך צו זיי אין הינטערלאַנד אַריַינגעשניטן די טאַנקען־בריגאַדעס און די אינפֿאַנטעריע פֿון ריבאַלקאָס גרופּע.

דעם 19 יאַנוואַר האָט דער גענעראַל־פּאָלקאָווניק ריבאַלקאָ באַקו־מען דעם ערשטן ראַפּאָרט, אַז זייַנע טיילן זייַנען אַריבער די דיַיטשישע גרענעץ נעבן דאָרף ווילהעלמסברויק, וועלכן די קריגער האָבן טייקעף אַ נאָמען געגעבן „ווילהעלמס בעז ברויק" (אַ וואָרט־שפּיל: „ווילהעלם אָן הויזן").

דראַגונסקיס בריגאַדע האָט שוין דעם זעלבן טאָג געפֿירט אַ שלאַכט אַף דער טעריטאָריע פֿונעם סוינע. פֿאַרנומען טשענסטאָכאָוו, ראַדאָמ־סקאָ און הונדערטער אַנדערע פּונקטן, האָט ריבאַלקאָס גרופּע זיך אַדורכ־געשלאָגן צום אָדער און זיך אַריַינגעריסן סאַמע אין דער הייל פֿונעם סוינע. דראַגונסקי האָט באַקומען אַ ידיעה, אַז ס'איז שוין געגעבן גע־

וואָרנ די ריכטונג בערלינ, אונ פּלוצעמ גאָר האָט מענ סאַמע באַמ אָדער
די גאַנצע טאַנקענ־גרופּע אויסגעקערעוועט אַפּ דאָרעמ, לענ־
גו'ס דעמ אָדער, צו פאַרענדיקנ די אַרומרינגלונג פונ ברעסלאַו אונ פונ
גאַנצ דאָרעמ־שלעזיענ. דאָס איז געווענ אַ גוואַלדיקע אָפּעראַציע, אונ
דורכגעפירט איז זי געוואָרנ גלענצנד. פאַר זעקס מעסלעס האָט די אַרמיי
דורכגעמאַכט מיט שלאַכטנ 300 קילאָמעטער פונ ראַדאָמסקאָ ביז אָפּעלנ.

ס'איז אַוועק פאַר דראַגונסקינ אַ צײַט פונ קעסיידערדיקע שלאַכטנ.
אָפּעלנ, בעוטענ, ריבניק, ווידער מאַרשירנ אַפּ צאָפנ, פאָרסירנ טײַכנ,
נעמענ בונצלאַו, שאַפנ אַ פּלאַצדאַרמ אַפּ דער אַנדערער זײַט אָדער —
אַ קאַלײדאָסקאָפּיש בילד פונ שלאַכטנ אונ געפאַרנ.

דראַגונסקי האָט אויסגעפילט זײַנ צוזאָג דער בריגאַדע: אינ נאָמענ
פונ דער רעגירונג האָט ער אַרויסגעגעבנ אָרדענס אונ מעדאַלנ די העלדנ
פונ די לעצטע שלאַכטנ, שטייענדיק אַפּנ סוינעס טעריטאָריע.

די בריגאַדע האָט אָבער אויך אויסגעפילט אַלצ, וואָס זי האָט גע־
דאַרפט. דעריבער האָט איר קאָמאַנדיר געשווירנ אַפּ אַ פאַרזאַמלונג,
אַז די פאָלגנדיקע באַלוינונגענ וועט ער די קריגער אַרויסגעבנ אינ בערלינ.

## 13

אַ פאַרשטויבטער, מיט שמוצ באַקלעפּטער „ווילים" האָט זיכ גע־
יאָגט איבער די וועגנ פונ סאָוועטנלאַנד, אָפּשטעלנדיק זיכ נאָר צוליב
דעמ, קעדיי אָנגיסנ ברענשטאָפ. די צעשוווענקטע אַפּרעל־וועגנ זײַנענ
געווענ אַ גרויסע מענגע, אָבער פאַרנ שאָפער איז גאָרניט געווענ שווער.
ווענ מע וואָלט אַפילע באַדאַרפט דורכפירנ די טויזנטער קילאָמעטער
אַפּ אַ פאַס פײַער אָדער אַפּ דער שפּיצ פונ אַ מעסער, וואָלט ער סײַווי
געפאָרנ, ניט פאַרקלענערנדיק דעמ טעמפּ. נעבנ דעמ שאָפער איז גע־
זעסנ דער פּאָלקאָווניק דראַגונסקי אונ האָט אימ געדראָעט מיט זײַנ
דעמבענעמ שטעקנ, אויב די מאַשינ וועט כאָטש אַפּ אַ רעגעלע זיכ אופּ־
הערנ צו יאָגנ ווי אַ קאָמעטע. אָבער דער שאָפער האָט ניט מוירע גע־

האָט פאַרנ שטעקנ, ער האָט געציטערט פאַר דראַגונסקיס אויגנ.

דאָס האָט זיכ דאָוויד צוריקגעקערט אינ זײַנ טייל פונעמ קוראָרט זשעלעזנאָוואָדסק. באַלד ווי עס האָט זיכ פאַרענדיקט די שלעזיער אָפּעראַציע, האָט די קאָמאַנדשאַפט בוכשטעבלעכ מיט גוואַלד אוועקגעטריבנ אימ אָפּרוענ אינ א סאַנאַטאָריע. בעעמעס, בלויז זײַנ שטאָלענער ווילנ האָט אימ געהאָלפנ צו פאַרבאָרגנ פונ מענטשנ זײַנע אומגעהייערע לײדנ פונעמ פאַרוווּנדעטנ לעבער. די פיר נעט אפנ לעבער האָבנ אימ די גאַנצע צײַט ניט געלאָזט צורו.

פאַרברענגענדיק די צײַט אינ אָפּרו אונ היילונג, האָט דראַגונסקי מיט שאַרפער אויפמערקזאַמקײַט נאָכגעשפּירט נאָכ די געשעענישנ, זײַענדיק יעדע מינוט גרייט א פערטנ מאָל צו אַנטלויפנ פונ סאַנאַטאָריע. אָבער דאָס מאָל איז אימ ניט אויסגעקומענ צו לויפנ. די ידיעה וועגנ דעמ, אַז ריבאַלקאָס גרופּע האָט זיכ א לאָז געטאָנ אפ בערלינ, האָט אימ געטראָפנ ניט אינ סאַנאַטאָריע, נאָר אינ מאָסקווע.

עס שווינדלענ פאַרבײַ די ליבע, נאָענטע שטעט אונ דערפער. פיל פונ זיי עקזיסטירנ בלויז אפ דער קאַרטע. אַנשטאָט הײַזער אונ סעדער — כורוועס, אַש. דאָס האָבנ אָפּגעטאָנ די דײַטשנ — די בהײמעס, די סאַדיסטנ. עס זײַנענ אויפגעריסנ פאַבריקנ, צעשעדיקט שולנ, צעבראָכנ בריקנ. טײַער לאַנד, מײַנ רוסלאַנד! ווער קאָנ ציילנ די קאָרבאָנעס, וואָס דו האָסט געבראַכט אינ דער מילכאָמע. אָבער טײַערער פאַר אַלצ זײַנענ די לעבנס פונ די מיליאָנענ דײַנע בירגער, וואָס זײַנענ געפאַלנ אינ שלאַכט אָדער געשאָכטנ געוואָרנ פונ די פאַשיסטנ אינ די אָקופּירטע זאָנעס. דער סוינע דאַרפ פאַר אַלצ באַצאָלנ. אָבער דער איקער איז — ניט געבנ אפ ווײַטער די מעגלעכקײַט ניט די דײַטשנ, ניט עמעצנ אַנדערש, וועמענ סע וועט זיכ פאַרוועלנ גיינ מיט זייערע וועגנ, די מעגלעכקײַט אָנצוהייבנ א נײַע מילכאָמע, וואָס קאָסט אַזוי טײַער דער מענטשהײַט.

דראַגונסקיס האַרצ האָט זיכ צונויפגעפּרעסט פאַר ווייטעק, ווענ ער

האָט זיך דערמאָנט, אז ער וועט שוין מער ניט קאָנען זען זיינ בעסטנ פריינט אלעקסאנדער גאָלאָוואטשאָוו. דארפ דאָך טרעפנ אזא ווילדער פאל! מע האָט דאָס מיליטער גראָד געהאט ארויסגעפירט אפ אָפרו. גאָלאָוואטשאָוו האָט נאָך געהאט דורכצומאכנ מאכאקל א 300 מעטער שאָסיי־וועג, וואָס איז באשאָסנ געוואָרנ פונ די דייטשנ — אונ אלצ וואָלט געווענ אינ אָרדענונג. דער פאָלקאָווניק איז ארויסגעקראָכנ פונ טאנק, קעדיי צו באזייטיקנ א קליינע מענינע אפנ וועג. ער האָט קלאל ניט בראווירט. ער איז געגאנגענ הינטער א פארפאנצערטנ גיגאנט, אָבער א צופעליקע דייטשישע הארמאטנ־קויל האָט זיך אופגעריסנ לעבנ זיינע פיס.

אזוי איז אומגעקומענ „טשאפיי", א העלד א קריגער, איינער פונ די געבילדעטסטע אָפיצערנ, א וואונדערלעכער באוועך, א ליבער פריינט, דער לעגענדארער קאָמאנדיר פונ א טאנקענ־בריגאדע, דער ליבלינג פונ דער גאנצער ארמיי. מיט וואָס קאָנ מענ דעקנ דעמ דאָזיקנ פארלוסט? אפ וואָס פאר א וואָגשאָל קאָנ מענ אָפוועגנ די שטראָפ, וואָס דער סוינע דארפ באקומענ פאר דעמ דאָזיקנ טויט? דאָוויד האָט זיך דערמאָנט, ווי גאָלאָוואטשאָווס שטאָלענע מיטקעמפער האָבנ געוויינט, באגלייטנדיק זיינ קערפער אינ דער שטאָט וואסילקאָוו, וואָס איר נאָמענ האָט געפינקלט אפ דער בריגאדע־פאָנ, געוויינט ווי קליינע קינדער.

גאָלאָוואטשאָוו האָט נאָכנ טויט באקומענ א צווייטנ מאָל דעמ טיטל העלד פונ ראטנפארבאנד. אָבער אימ אליינ קאָנ מענ שוינ ניט אומקערנ, פאר זיינ טויט דארפ מענ נעקאָמע נעמענ.

דראגונסקי האָט אצינד דורכגעמאכט זיינ רייזע דורכנ באפרייטנ לאנד, אונ די לענג פונעמ וועג, וועלכנ ער האָט געהאט דורכצושניידנ, איז געווענ א באווייז פונעמ גראנדיעזנ ניצאָכנ פונ דער רויטער ארמיי, פונעמ ניצאָכנ, וואָס איז געזיכערט געוואָרנ דורכ דער טיטאנישער ארבעט פונעמ סאָוועטישנ פאָטערלאנד. אָט האָט שוינ דורכגעשווינדלט לוואָוו, פערעמישל, זשעשוו, גרעמבוו, שטיינאו, בונצלאו. ווי גרינג

ס׳איז אצינד דורכצופליִען אפּן „ווילים״ פּארביי און ווי שווער עס איז אָנגעקומען דורכצושלאָגן דעם דאָזיקן וועג, אופנעמענדיק אַף זיך דריי יאָר נאָכאנאנד די קלעפּ פון דער גאנצער דייטשישער ארמיי. ערשט מיט ניין באראָשים צוריק האָט זיך געעפנט דער צווייטער פראָנט. ס׳איז אוואדע זייער גוט, אָבער מיר האָבן דאָך אויסגעהאלטן איינס־אף־איינס אזא מין געראנגל, וואָס האָט זיך קיין גלייכן אין דער גאנצער מענטשלעכער געשיכטע. און ניט בלויז אויסגעהאלטן, נאָר טאקע צעגראָמירט דעם סוינע, פארניכטעט זיינע בעסטע ארמייען נאָך פארן אָנגריף פון די פארבינדעטע.

אהינטער בונצלאו האָבן זיך אוועקגעצויגן אזוינע וועגן, וועלכע זיינען נאָך ניט געווען באקאנט דראגונסקין. אָט איז דער פלאצדארם בא נייסע, פונוואנען ריבאלקאָס טאנקען־גרופּע האָט פארגענומען א נייעם אָנגריף. אָט איז שפּרע. אהא, מיר זיינען געקומען צו דיר, שפּרע, אזוי ווי מיר האָבן פארשפּראָכן!.. אָט איז בארוט, צאָסען, בלאנקענפעלד...

אין קליין־ביירען האָט מען דראגונסקין, א פארשטויבטן, א מידן, נאָר א ביז גאָר מונטערן, געבראכט צו ריבאלקאָן. דער קאָמאנדיר האָט זיך אָפּ א רעגע אָפּגעריסן פון דער קארטע און האָט צו אים געזאָגט:

— א גוטמאָרגן. היינט איז דער 23 אפּרעל, א טאָג פון צוגריי־טונג, אייער בריגאדע איז באַם טעלטאָוו־קאנאל. מאָרגן דארפט איר זיין אין בערלין. אלץ.

דראגונסקי האָט צוגעלייגט די האנט צום דאשעק, זיך אויסגעקערע־וועט און אוועק.

צווישן דעם סאָוועטישן מיליטער און דעם פארהאסטן בערלין איז געלעגן א שטארק־באפעסטיקטע מעכיצע — דער טעלטאָוו־קאנאל. זיינע ברעגן זיינען בעטאָנירט. די הייך זייערע — פון צוויי ביז דריי מעטער. די ברייט פונעם קאנאל — 40—50 מעטער. אַפ יענער זייט קאַ־נאל — באפעסטיקטע פייער־פונקטן, טראנשייען, איינגעגראָבענע טאנ־קען, ארטילעריע, מינענווארפער, קאלעריי מינים מיליטער, פויסט־

פּאַטראָנלער. אַפ שנעל זיכ באַקענט מיטנ צושטאַנד פונ דער בריגאַדע און מיט דער לאַגע, האָט דראַגונסקי גענומענ גרייטנ דעמ מאָרגנדיקנ שטורעמ. ס'איז קיינעמ ניט אויסגעקומענ אונטערצוויאָגנ. אַלע האָבנ זיכ אַליינ געריסנ אינ שלאַכט. נאָר אַלצ איז געווענ געווענדט אינ דעמ, וויאַזוי דער שטורעמ־אַנגריפ וועט אָרגאַניזירט ווערנ.

דער קאָמבריג האָט פּערסאָנעל דורכגעפירט די אָרט־רעקאָגנאָסצירונג און האָט באַשלאָסנ, אַז מע קאָנ אויסנוצנ די רעשטנ פונעמ קאַנאַל־בריק, וואָס די דײַטשנ האָבנ כאָרעוו געמאַכט. מע דאַרפ אויכ צוגרייטנ שיפלעכ אַפ צונויפקרעמפּעווענ אַפנ ברעג פּאַראָמענ אינ פּליטנ. עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרנ א פּינקטלעכער פּלאַנ, וויאַזוי די באַטאַליאָנענ וועלנ זיכ באַוועגנ און אינ וואָס פאַר א סיידער זיי וועלנ אַרײַנ אינ שלאַכט.

אינדערפרי האָט זיכ אָנגעהויבנ א מעכטיקע אַרטילערישע צוגרייטונג. נאָכדעמ האָט זיכ אַפ די קעפּ פונ די דײַטשנ אַראָפּגעלאָזט א גיגאַנטישער האָגל פונ באָמבעס. ווענ עס זײַנענ פאַרשווּנדנ די אַעראָפּלאַנענ, האָט ווידער זיכ צערעדט די אַרטילעריע, און די באַטאַליאָנענ האָבנ זיכ אַוועקגעלאָזט אינ שטורעמ.

דראַגונסקיס בריגאַדע האָט די ערשטע פאָרסירט דעמ קאַנאַל איבערנ האַלב־כאָרעוונ בריק, מיזרעכדיקער פונ שטאַנסדאָרפ. די פּילצאָליקע באַטאַליאָנענ פונ דער טאַנקענ־גרופּע האָבנ פאַרקניפּט אַנ אַכזאָריעסדיקע שלאַכט אַפנ צאָפנדיקנ ברעג פונעמ קאַנאַל. ערשט צו אָוונט־צו האָט זיכ געשאַפנ א פעסטער פּלאַצדאַרמ, די סאַפּיאָרנ האָבנ געמאַכט א בריק, און די טאַנקענ האָבנ זיכ אַוועקגעלאָזט איבערנ קאַנאַל. דער קאַנאַל איז געבליבנ פונ הינטנ.

דראַגונסקיס בריגאַדע איז אינ דער דאָזיקער שלאַכט געווענ דער שפּיצ פונעמ קלינ פונ ריבאַלקאָס טאַנקענ־גרופּע, וועלכע איז אינ דער בערלינער אָפּעראַציע געווענ אינ אַוואַנגאַרד פונעמ מיליטער פונעמ ערשטנ אוקראַאינישנ פראָנט. זײַנ בריגאַדע האָט אײַנגענומענ די

פאָרשטעט ליכטענוואַלד אונ צעלענדאָרפ אונ האָבנ זיכ פאַרהאַלטנ בלויז באַם איינציקנ וואַסער־באַריער — באַ דער אָזערע קרומע־לאַנקע. די שלאַכט האָט געדויערט ניט זייער לאַנג. די דייטשנ זיינענ געלאָפנ אונ האָבנ דערמיט געגעבנ די מעגלעכקייט דער בריגאַדע איבערצושניידנ די אויטאָסטראַדע בערלינ — פּאָטסדאַם. דראַגונסקי האָט באַפוילנ, מע זאָל אָנזאָגנ די קריגער די בשורה, אַז אַנדערע טיילנ פונ דער גרופּע האָבנ פאַרנומענ דעמ באָטאַנישנ גאָרטנ, אונטער־דענ־אייכענ, דעמ סטאַדיאָנ דאָרט, שאַרלעמער־אַליע, טיל־אַליע. אונ עס האָט זיכ באַקומענ, אַז אַפ א פראָנט פונ צענ קילאָמעטער די לענג, דאָרעמ־מיזרעכדיקער פונ בער־לינ, גראַד דאָרט, ווו די דייטשנ האָבנ ווינציקער פאַר אַלצ דערוואַרט דעמ אָנגריפ, האָט זיכ זיגרייכ דורכגעשלאָגנ ריבאַלקאָס טאַנקענ־גרופּע. די גרופּע איז אַרויסגעגאַנגענ באַ שטעגליצ דעמ סוינע אינ פלאַנג, אינ דאָס האָט אַנטשיידט דעמ גורל פונעמ גאַנצנ ראַיאָנ.

צוזאַמענ מיט די אַנדערע בריגאַדעס פונעמ קאָרפּוס האָט דראַגונסקי געפירט פאַרביטערטע שלאַכטנ קעגנ דעמ סוינס אויטאָמאַטלער אונ פויסט־פאַטראָנלער אינעמ מאַסיוו פונ בערלינער וואַלד. פונ לינקס איז געווענ אַנ אָזערע, פונ רעכטס — די פאָרשטעט פונ בערלינ. די טאַנ־קענ איז זייער שווער אָנגעקומענ צו מאַנעוורירנ דאָ, אָבער דאָכ האָט זיכ די בריגאַדע טראָט נאָכ טראָט באַוועגט פאָרויס. נאַכט. שטאָק־פינצטער. מע זעט ניט אַפ קיינ טראָט. אָבער גיינ דאַרפ מענ. אונ די קריגער זיינענ געגאַנגענ פאָרויס.

דעמ 27 אַפּריל האָט דער גענעראַל־מאַיאָר נאָוויקאָוו, אַנ אַלטער פאַרדינסטפולער מיליטער־אָנפירער, א העלד פונ בירגערקריג, וואָס איז אינ דער פאָטערלענדישער מילכאָמע געוואָרנ א העלד פונ סאָוועטנפאַרבאַנד, אויסגעקערעוועט דראַגונסקיס בריגאַדע אַפ הייערשטראַסע, אינ שטאָט אַריינ. די בריגאַדע האָט איינגענומענ דעמ אָלימפּ־סטאַדיאָנ „רייכס־ספּאָרטפעלד" אונ די גאַנצע מאַגיסטראַל.

אונ ס'האָט זיכ פאַרשלאָסנ, אַזויאַרומ, דער אינערלעכער רונג אַרומ

בערלין. דראגונסקיס בריגאדע האָט געהאַט דאָס גליק צו באַגעגענען זיך מיט דער מעכאַניזירטער בריגאדע פונעם גענעראַל־לייטענאַנט קריוואָ־שעין — אַן אַרמיי־טייל פונעם מיליטער פון ערשטן ווײַסרוסישן פראָנט.

די דאָזיקע באַגעגעניש איז פאָרגעקומען פאַר דאָווידן גאַנץ טשי־קאַווע. א גרופּע פון זײַנע אָפיצערן און סאָלדאַטן איז אַרײַן אין שטאַב צו אים, „פּירנדיק" מיט זיך צוויי אומבאַקאַנטע סאָוועטישע אָפיצערן.

— זעט, אָקאָרשט, כאַווער גוואַרדיע־פּאָלקאָווניק! — האָט געזאָגט דער קאָמאַנדיר פונעם אויסשפּיר־באַטאַליאָן. — אָט דאָ שטייט פאַר אײַך דער מאַיאָר טוראָוועץ און דער קאַפּיטאַן פּראָטאַסאָוו. מיר האָבן זיי „געגנומען אין געפאַנגענשאַפט" נעבן היפּאָדראָם. אָבער מיר האָבן זיך מיט זיי אָפּרױער צעקושט, ווײַל זיי זײַנען פונעם מיליטער פונעם ערשטן ווײַסרוסישן פראָנט. הוראַ!

דראַגונסקי האָט נאָכגעטאָן דעם בײַשפּיל פון זײַנע אָפיצערן. מע האָט זיך אַרומגעכאַפּט קושן, מע האָט זיך איינס מיטן אַנדערן גע־פרייט אָן אַ שיר.

בערלין האָט געגוויסעסט. דער ניצאָכן איז שוין געווען גאָר־גאָר נאָענט.

א דריטל בערלין האָט אײַנגענומען די העראָישע גוואַרדייִשע טאַנקען־גרופּע פונעם גענעראַל־פּאָלקאָווניק ריבאַלקאָ. אָט איז געפאַלן דער קוואַרטאַל שמאַרגענדאָרף. דעם צווייטן טאָג איז געפאַלן ווילמערס־דאָרף. די טאַנקען איז ביז גאָר שווער געווען צו פירן די שלאַכט אין אַ גרויסער שטאָט, אָבער זיי האָבן זיך געשלאָגן אויסגעצייכנט.

דער דונער פונעם מאָסקווער סאַליוט האָט באַגריסט די העלדן פון־נעם ניצאָכן. בערלין איז אײַנגענומען!

דראַגונסקי האָט אין נאָמען פון דער רעגירונג אַרויסגעגעבן נײַע אָרדענס און מעדאַלן די קריגער פון דער בריגאַדע — טאַקע אין בערלין.

ער האָט שוין ניט אויסגעהערט ביזן סאָף די פראזע, מיט וועלכער מע האָט אים נאָכאַמאָל געוואָלט דערמאָנען, וואָס איז אזוינס די בעס־טע באלוינונג פאר א מיליטער־אָנפירער.

— וווהין? — האָט דאָוויד געפרעגט, — וועג און ווו?

— קאָנצענטרירן דאָס מיליטער אין ריזא, בא דער עלבע. עס שטייט פאָר א שנעל־מארש אָפּ פּראָג.

דראגונסקי האָט פאר פרייד א פּאטש געטאָן מיט די הענט. עמעס, אים האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבן ווי ס'געהער צו זיין באטראכטן בער־לין. אים האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבן אָפּצורוען, צו פייערן דעם יאָמטעוו. אָבער די אופגאבע איז געווען א גרויסארטיקע, און דער פּאָל־קאָווניק האָט ליכט שאָלעם געמאכט מיט אלדעם איבעריקן.

דעם 5 מיי האָט ריבאלקאָס מיליטער זיך אוועקגעלאָזט אין דער דאָרעמדיקער ריכטונג. נאָך דער נאָרוואָס פארענדיקטער אָפּעראציע איז דער טעמפּ פונעם מארש געווען אן אומגעהייערער. די טאנקען האָבן זיך געאיילט צו הילף דער פּראָגער באפעלקערונג, וואָס איז אופגעשטא־נען קעגן די דייטשן. און קיין שום שנעלקייט האָט דאָ ניט געקאָנט זיין צו גרויס.

„פארטשעפּעט" אפן וועג און צעקוועטשט דעם דרעזדענער גאר־ניזאָן, איז ריבאלקאָס גרופּע, דורך בארג־דורכגענג, ארויסגעגאנגען צו די סודעטן. דער סוינע האָט זיך געפּרוווט פארהאלטן דאָס סאָוועטישע מיליטער אפּ דער דאָזיקער ליניע, עס איז אָבער בא אים גאָרנישט ניט ארויסגעקומען. ניט געקוקט דערופּ, וואָס דער מארש דורך די בערג איז געווען אן אויסשליסלעך שווערער. עס איז געווען גענוג, אז איין טאנק בלויז זאָל זיך אָפּשטעלן, — און די גאנצע קאָלאָנע זאָל זיך פארהאמעווען. דראגונסקי האָט שטארק איבערגעלעבט יעדן מעטער וועג. ריבאלקאָ איז געווען ערגעץ אין שפּיץ פון דער קאָלאָנע און האָט אלעמען צוגעאיילט און געדראָט:



בא די בראנדענבורגער טויער.

— קאלינינ איז שוינ אינ פּראָג! פּאָפּאָוו איז שוינ אינ פּראָג! אונ איר טאָפּטשעט זיכ אלצ אפּ איינ אָרט.

עס איז א גאנצ פײַנער „טאָפּטשענ זיכ אפּ איינ אָרט", אז די בריגאדע האָט דורכגעמאכט מיט שלאכטנ צו הונדערט קילאָמעטער א מעסלעס. נאָר דער קאָמאנדיר האָט פונ גאָרנישט ניט געוואָלט וויסנ.

דראגונסקיס בריגאדע האָט ניט דעריאָגט די בריגאדע פונעם פּאָל־קאָווניק וואגאָנאָוו. זי איז אָבער געגאנגענ פּאָראויס פונ פיל אנדערע בריגאדעס, צעשמעטערנדיק אפנ וועג די צעשפּליטערטע דײַטשישע אָטריאדנ. קאלינינ אונ פּאָפּאָוו זײַנענ נאָכ ניט געווענ אינ פּראָג, אונ כאָטש דאָס איז ניט געווענ קיינ גרויסע טרייסט פאר דראגונסקינ, נאָר

טע האָט אים צוגעגעבנ א באזונדערנ רייצ, אונ ס'האָט זיכ אים טאקע געוואָלט געבנ א געהעריקנ ענטפער ריבאלקאָנ דערפאר, וואָס ער האָט אים „אונטערגעהעצט’’.

די גרופע איז ארופגעטראָטנ אפ דער טעריטאָריע פונ דער בריי־דערלעכער טשעכאָסלאָוואקיע — אונ עס האָט זיכ אָנגעהויבנ עפעס גאָר אויסערגעוויינלעכס. די גאנצע באפעלקערונג פונ די שטעט אונ דערפער איז ארויסגעלאָפנ אפ די וועגנ, באגריסט דאָס סאָוועטישע מיליטער, באשאָטנ עס מיט בלומענ, ארויסגעטראָגנ עסנ אונ טרינ־קענ, געשריענ: „נאזדאר’’.

דער מארש פונ דער טאנקענ־גרופע איז געווענ בעסמעס א טריומ־פאלער. די ליבע צו די באפרײַער איז געווענ זייער א ריזנדיקע. איינע אנ אלטע פרוי האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אפנ וועג נעבנ מאנינס טאנק אינ וויינענדיק פאר פרייד אויסגעשריענ:

— א דאנק פאר דער פרײַהייט!

די קאָלאָנע פונ ריבאלקאָס טאנקענ־גרופע האָט זיכ געיאָגט לענ־גויס דער „לעבעדיקער זיג־אלייע’’, נעבנ דער שענסטער שאפונג פונ פרײַנטשאפט פונ די סלאווישע פעלקער אונ פונ די פעלקער פונ אלע נאציעס.

דראגונסקיס בריגאדע האָט פארנומענ די פראָגער פאָרשטאָט פאָד־באבי אונ האָט געבעטנ א דערלויבעניש בא ריבאלקאָנ ארײַנצוטרעטנ אינ דער הויפטשטאָט פונ טשעכאָסלאָוואקיע. דעמ 9 מײַ אינדערפרי האָבנ דראגונסקיס טאנקיסטנ זיכ א לאָז געטאָנ אפ פראָג. אָבער אפנ וועג זײַנענ געווענ מינירטע באריקאדנ. פאטערנ צײַט אפ צו אנטשע־דיקנ זיי האָט ניט געהאט קיינ זינ. ס'וואָלט ניט שווער געווענ אוועק־צומארשירנ מיט אנ אנדער וועג. אָבער ארומ אונ ארומ זײַנענ געשטא־גענ טשעכנ, מיט פרייד באגריסנדיק די רויטע ארמיי. זיי קאָנענ נאָכ מיינענ, אז די בריגאדע טרעט אָפ, אויב זי וועט אויסקערעווענ צוריק באָטש אפ עטלעכע קילאָמעטער. דראגונסקי האָט באפוילנ, אז די

טאנקענ, די „סטורעבעקערס“, די „זיסנ“, די פעלדקיכנ אונ דער גאנ־צער איבעריקער טראנספּאָרט זאָל זיכ אוועקלאָזנ מיטנ פעלד, אויס־מײַדנדיק די באריקאדנ, אונ ער האָט אליינ דורכגעפירט די בריגאדע איבערנ לעצטנ שטיקל וועג, פליענדיק פאָרויס פונ אלע אפ זײַנ „ווילים“.

די בריגאדע האָט פארנומענ דעמ האָטעל „אסטאָריע“ פארנ שטאב. פארנ סאָוועטישנ מיליטער איז פאַרבליבנ ארבעט צו דערשלאָגנ די דײַטשנ אינ פּראָג סאכאקל אפ עטלעכע שאָ. די גאנצע איבעריקע צײַט איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א גרויסנ יאָמטעוו. דער טאָג פונ ני־צאָכנ איז דורכגעגאנגענ צווישנ האמוינימ פּראָגער אײַנוווינער, וועלכע האָבנ אָנגעטאָנ לעקאָוועד דעמ יאָמטעוו זייערע בעסטע קליידער. די טאנקיסטנ האָבנ ארופגעזעצט די טשעכישע קינדער, מיידלעכ אונ יאטנ אפ די טאנקענ, זיי האָבנ ארומגעפירט די בירגער איבער דער שטאָט, אונ דאָס אלץ האָט אויסגעזענ ווי אנ אימפּראָוויזירטער קארנאוואל. די הײַזער זײַנענ באפּוצט געווענ מיט טויזנטער פלאגנ. אומעטומ האָבנ געפלאטערט די מעלוכישע פלאגנ פונ סאָוועטנפארבאנד אונ פונ טשע־כאָסלאָוואקיע. אפ די ווענט אונ אפ די פענצטער האָבנ זיכ באוויזנ סטאלינס אונ בענעשעס פּאָרטרעטנ. ס'איז שווער געווענ דורכצוגייג א גאס, עס האָבנ געדונערט די אָרקעסטערס, מע האָט אומעטומ גע־טאנצט, פונ אלע זײַטנ האָבנ זיכ געטראָגנ אומופהערלעכע אָוואציעס.

— רומ סטאלינענ! רומ דער רויטער ארמיי! רומ דעמ סאָוועטנ־פארבאנד! רומ די העלדנמוטיקע פארבינדעטע! זאָל לעבנ די פרײַנט־שאַפט פונ די סלאווישע פעלקער! א טויט דעמ פאשיזמ!

אָבער דעמ שענסטנ סימבאָל פונ ניצאָכנ האָט דראגונסקי צוזאמענ מיטנ מעכאבער פונ דעמ דאָזיקנ בוכ געזענ אפנ וואצלאוו־פלאצ. צווישנ די יובלענדיקע האמוינימ האָט זיכ לאנגזאמ באוועגט א טיטאנישער סאָוועטישער טאנק, אונ אינעמ מויל פונ זײַנ הארמאט האָט געשטעקט א פרעכטיקער ביקעט בעז.

ריבאלקאָ האָט גראטולירט דראגונסקינ מיטנ באקומענ דעמ

סוואָראָוו־אָרדענ פונ דער צווייטער מאדרייגע אונ האָט געזאָגט, אז דאָס איז נאָכ ניט אַלצ, אז אימ קומט נאָכ עפּעס ארויס. דראגונסקיס בריגאדע האָט זיכ פארנומענ דאָס אָרט, וואָס איז פאר איר באשטימט גע־ווענ, אונ דראגונסקי האָט גלייַכ אָפּגעזוכט זייַנ טרייַענ שלאכט־כאווער סליוסארענקאָ, אונ זיי האָבנ צוזאמענ מיט די אָפיצערנ אופגעהויבנ א טאָסט פארנ ניצאָכנ אונ פארנ שעפער פונעמ ניצאָכנ — פאר סטאַלינענ.

אצינד האָט מענ געקאָנט הוליענ. דאָס פאשיסטישע דייַטשלאנד איז שוינ געווענ צעגראָמירט. די מילכאָמע האָט זיכ געענדיקט.

דראגונסקיס בריגאדע, וועלכע איז שוינ פונ פריער געווענ באלוינט מיט דרייַ אָרדענס, האָט אצינד באקומענ א פערטנ, א העכערנ אָרדענ.

אינ א לאנגנ־לאנגנ צוג איז געפאָרנ קייג מאָסקווע אָנטייל צו נע־מענ אינעמ פאראד פונעמ ניצאָכנ דער צוזאמענגעשטעלטער פּאָלק פונ־נעמ גאנצנ ערשטנ אוקראַיִנישנ פראָנט. דאָס איז געווענ א ווונדערבא־רער פּאָלק. מיט זייַנע באטאליאָנענ האָבנ קאָמאנדעוועט גענעראלנ, מיטנ גאנצנ פּאָלק — א מאַרשאַל. אַלס פאָנטרעגער פונעמ פּאָלק אפנ פאראד פונ ניצאָכנ איז באשטימט געוואָרנ דער דרייַ מאָל העלד פונעמ סאָוועטנפארבאנד — דער לעגענדארער פליִער אלעקסאנדער פּאָק־רישקינ.

מיט איינער א ראָטע פונ דעמ דאָזיקנ פּאָלק האָט קאָמאנדעוועט דער גווארדיע־פּאָלקאָווניק דאָוויד דראגונסקי.

אינ וועג איז ער געווענ אינ א גוואַלדיקער שפּאנונג. אָט פאָרט ער קייג מאָסקווע, אפנ פאראד פונ ניצאָכנ, ער וועט דורכמארשירנ דורכנ רויטנ פּלאצ פונ דער הויפּטשטאָט, אפּ דער טריבונע וועט שטיינ סטאַלינ, דער געני אונ פירער פונעמ לאנד, די ליכטיקע זונ אונ די פאָנ פונעמ לאַנד. ס'וועט שווער זייַנ צו זאָגנ אפילע א וואָרט, אָבער דאָס הארצ פונעמ קריגער אונ בירגער וועט דאָכ קאָנענ געבנ צו דערפילנ די גאנ־צע איבערגעגעבנקייַט דעמ סאָוועטישנ פאָטערלאנד, די גרייטקייַט אָפּ־צוגעבנ אַלע קויכעס פאר זייַנ גליק.

אפ דער סטאנציע פּאָדוואָלאָטשיסק האָט זיכ דראגונסקי ארײַנגעכאַפּט אפנ טעלעגראפ, קעדיי צו וויסנ געבנ זײַנע פרײַנט, אז ער קומט קיינ מאָסקווע. דורכלייענענדיק זײַנ אונטערשריפט אפנ טעלעגראמע־בלאַנק, האָט די טעלעגראפיסטקע געזאָגט:

— הײַנט האָט מענ איבערגעגעבנ דורכ ראדיאָ, אז עפּעס איינעמ א דראגונסקי אונ א סליוסארענקאָ האָט מענ באַלוינט מיט א צווייטער מעדאל „גאָלדענער שטערנ“. זיי זײַנענ שוינ אצינד צוויי מאָל העלדנ. ס'איז אָפּגעדרוקט אינ צײַטונג אויכ.

— אונ א צײַטונג האָט איר?

— איכ האָב.

— נו, אויב אזוי, גיט זי מיר אָפּ. אפ אינגאנצנ.

— פארוואָס? — האָט א שמייכל געטאָנ די טעלעגראפיסטקע.

— ווײַל „עפּעס איינער“ א דראגונסקי — דאָס בינ איכ.

---

ס'האָט אָפּגעדונערט דאָס מילכאָמע־געוויטער. דאָס סאָציאליסטישע פאָטערלאנד פארהיילט די מילכאָמע־וווּנדנ. די מעכטיקע הענט פונ די סאָוועטישע מענטשנ בויענ זיכער זייער גליק. די סאָוועטישע ארמיי שטייט פעסט אפ דער וואכ פונ זייער מי, לעבנ אונ צוקונפט.

שווער, אָבער גרויסאַרטיק זײַנענ די טעג פונ דער מיליטערישער לער. די קריגס־קונסט איז א קאָמפּליצירטע קונסט. דראגונסקי גיט זיכ אָפּ דער דאָזיקער זאכ ביז צו לעצט, לערנענדיק אנדערע אונ לערנענדיק זיכ קעסיידער אליינ.

דער מיליטער־טייל, מיט וועלכנ ער קאָמאנדעוועט, איז, ווי שטענדיק, איינער פונ די בעסטע טיילנ אינ דער מיליטער־גרופּע. אונ דאָס איז דער פארדינסט פונ דעמ צוויי מאָל העלד פונ סאָוועטנפארבאנד, גווארדיע־פּאָלקאָווניק דאָוויד דראגונסקי.